# די פּיאַנע שפּילט

עס איז געווען א מילדער, זוניקער הארבסט־טאָג פון 1930 יאָר. די שילער זײַנען נאָך די לימודים פארבליבן אין שול־הויף. מע האָט גע־שפּילט אין וואָלייבאָל. ביידע קאָמאנדעס האָבן שוין געהאלטן אָט־אָט באַם ענדיקן. כעוורע זײַנען געשפּרונגען פון דער הויט צו טרעפן איבערן טויער, אָדער אָפּצושטויסן דעם קעגנערס פּילקע. מיטאמאָל האָבן זיך דער־טראָגן ווײַטע קלאנגען פון א פּיאַנע. איינער פון די שפּילער, דער 12־יאָריקער זעליק, האָט זיך פארטראכט, א רעגע פארלאָרן דעם טעמפּ, א שפּרונג געטאָן און געבליבן פארשעמט, מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט אין דער לופט.

— כאַפּסט פליגן, — האָט אים פאָרגעוואָרפן זײַן כאַווער כײַקל. נאָר זעליקן איז שוין ניט געקראָכן אין קאָפּ די שפּיל. אים האָט שוין פאר־כאַפּט דער מאָטיוו.

ארום זײַנען געשטאנען נאָך כעוורע. זיי האָבן געווארט מיט אומגע־דולד, אז די, וואָס שפּילן איצט, זאָלן ענדיקן, דאן וועלן זיי אָנהייבן א נײַעם קאָן.

— נא, שפּיל דו אף מײַן אָרט, — האָט זעליק א זאָג געטאָן צו איינעם א יאַט.

זעליק איז אוועק צו פּייסי דעם מילנערס שטוב. פריִער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז כעוורע קוקן אים נאָך. נאָר וואָס נעענטער ער איז צוגעגאנ־גען, האָט ער אין אלץ פארגעסן און איז פארכאַפּט געוואָרן פון דער מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די ברייטע אָפענע פענצטער. דאָס האָט געשפּילט דעם מילנערס טאָכטער אסיע, וואָס איז געקומען אף זומער צו־גאסט צום טאטן. זעליק קאָן שוין קימאט אלע מאָטיוון, וואָס אסיע שפּילט. אמאָל פארגייט ער ווײַט־ווײַט אין פעלד, אז קיינער זאָל אים ניט זען. ער זעצט זיך אנידער לעם א בוים, נעמט ארויס זײַן פײַפל און שפּילט

לאנג א מאָטיוו, וואָס האָט זיך אים אײַנגעבאקנ איג הארצנ. די פינגער זײַנע לויפנ דערבײַ אומ פלינק איבער די לעכלעכ פונעמ פײַפל, אונ פאר זײַנע אויגנ שוועבנ די ווײַסע געשליפענע ביינדלעכ פונ דער פיאנע. אפנ פײַפל אָבער, קענ ער ניט ארויסברענגענ אלצ, ווי אימ ווילט זיכ עס, אונ ער גייט אוועק אנ אומעטיקער.

זעליק איז מעקאנע סאשענ, וואָס אסיע, די שוועסטער זײַנע, לערנט אימ שפילנ פיאנע. אָפטמאָל הערט ער, ווי סאשע גרימפלט אפ דער פיאנע זײַנע „אוראָקנ". אזויפיל צײַט, אז ער לערנט איינס אונ דאָס זעלבע — אונ פאלשעוועט אלצ.

זעליק ווייסט, אז צו פיאנע דארפ מענ האָבנ לאנגע, דינע פינגער. בא סאשענ זײַנענ זיי קורצע, גראָבע, מיט ווייכע קישעלעכ בא די שפיצנ.

איינמאָל, ווענ סאשע האָט געטאראבאנעוועט אפ דער פיאנע, האָט זיכ זעליק ארופגעדראפעט אפנ ראנד פונעמ פונדאמענט אונ ארײַנגעקוקט אינ פענצטער. סאשע האָט, קאָנטיק, געמאכט געניטונגענ, אונ איבער אימ איז געשטאנענ די שוועסטער.

— טראמ־טאמ־טאמ־טאמ, טראמ־טאמ־טאמ־טאמ, — האָט די שוועסטער געוואָלט ער זאָל כאפנ דעמ ריטמ. — ניט אזוי, טראמ־טאמ־טאמ־טאמ. וויאזוי האלטסטו די פינגער? אָט אזוי, טראמ־טאמ, — ווּהינ קוקסטו?

די שוועסטער האָט אופגעהויבנ די אויגנ, באמערקט זעליקנ אונ איז צו צומ פענצטער. זעליק האָט געמיינט, אז זי וויל אימ אוועקטרײַבנ, נאָר זי האָט גאָר געקוקט אפ אימ מיט נײַגער.

— ביסט סאשעס כאַווער? — האָט זי געפרעגט.

זעליק האָט אראָפגעלאָזט די אויגנ — ער כאווערט זיכ ניט מיט סאשענ. ער האָט אימ פײַנט.

— ניינ! — האָט אויסגעשריגנ סאשע. — זאָל ער אוועקגיינ!

— וואָס טרײַבסטו אימ, ניט שיינ אזוי! — האָט זיכ אָפגערופנ אסיע.

איר האָט זיכ מיטאמאָל פארוואָלט אויספרווונ דעמ געהער פונעמ יינגל מיט די גליענדיקע שווארצע אויגנ.

זי האָט גענומענ עטלעכע טענער, געהייסנ זעליקנ איבערזינגענ, זעליק האָט איבערגעזונגענ, אונ נאָכ אלצ ניט אופגעהויבנ די אויגנ. זי האָט אָפגעשפילט א שווערערע זאכ, זעליק האָט ווײַטער נאָכגעזונגענ. זי האָט אימ א גלעט געטאָנ איבערנ קאָפּ.

— ווי אַלט ביסטו? — האָט זי געפֿרעגט.
— שוין באַלד צוועלף.
„אַן אויסגעצייכנטער געהער". — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.
באַלד האָט זי אים פֿאַרגעסן און זיך צוריק גענומען צום ברודער:
— נו, טראַם־טאַם־טאַם־טאַם.
זעליקן איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פֿאַרדראָסיק. אין אַסיעס פּאָנעם האָט ער דערקענט, אַז ער האָט בײַ איר אויסגענומען, נאָר שפּילן לערנט זיך אָט דער יאָלעפּ סאַשע. זעליק איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען באַם פֿענצטער, דערנאָך איז ער אומבאַמערקט אוועק.
— זעסט, — האָט די שוועסטער גענומען מוסערן סאַשען, — אַן אָרעם ייִנגל און וויל זיך לערנען, אַז עס גייט אים אויס דאָס כּײַעס, און דיר קריכט עס ניט אין קאָפּ אַרײַן.
— זאָל ער זיך ניט דראַפּען הינטער פֿרעמדע פֿענצטער, איך וועל אים ווײַזן!
אַף מאָרגן, בײַסן גרויסן איבערײַס אין שול, האָבן די ייִנגלעך געשפּילט אין קעגלײס. זעליק האָט געמאַכט אַ גאַנג, דער קײַלעך איז פֿאַרבײַגעלאָפֿן. איין קעגליע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אַהין און אַהער, אומגעפֿאַלן, פֿאַר־טשעפּעט אַ צווייטע, עס זײַנען אומגעפֿאַלן דרײַ קעגלײס מיטן קעניג אינ־מיטן. סאַשע האָט געטײַנעט, אַז דער קײַלעך האָט ניט פֿאַרטשעפּעט, זעליק האָט געזאָגט, אַז דער קײַלעך האָט לײַכט באַרירט.
— ניין, עס איז פֿון זיך אַליין געפֿאַלן, — האָט סאַשע געוואָלט אים פֿאַרשרײַען.
— פֿון זיך אַליין פֿאַלט ניט, — האָט זעליק געענטפֿערט, — אַז דו ווילסט, קען איך איבערגיין.
נאָר סאַשע האָט ניט נאָכגעגעבן:
— פֿאַלשעווען ווערסטו ניט מיר!
— דאָס האָסטו ליב פֿאַלשעווען!
— קריכער, קריכט צו יענעמס הינטערן פֿענצטער.
— פּעמפּיק!
— קריכער!
די ייִנגלעך זײַנען שוין געשטאַנען ווי די הענער איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן.

— קריגסט באַלד אין די ציין,— האָט סאַשע זיך פאַרמאָסטן.
— אַנו, פּרוּוו, איין ריר...
— ער מיינט, אַז זײַנע כאַוויירים שטייען...
— נו, אַדעראַבע, איין ריר!

עמעצער האָט אַ שטויס געטאָן סאַשען אָפּ זעליקן, זעליק האָט אים אָפּגעוואָרפן צוריק, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג. די יינגלעך אַרום האָבן געקוקט אָפּ טשיקאַווען, ווער וועט בעסער דערלאַנגען. דאָס אַליין, וואָס דער קליינער זעליק האָט זיך געשטעלט אַליין קעגן דעם פעמפּיק, איז זיי זייער געפעלן.

כײַקל, ריווע דער אַלמאָנעס, זעליקס בעסטער כאַווער, האָט אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל זיך ניט אַרײַנמישן. סאַשע האָט דערלאַנגט שטאַרקער, נאָר זעליק איז אונטערגעשפּרונגען און אָפּ סאַשעס איין צאָן האָט ער באַוויזן אָפּצושטעקן דרײַ. סאַשע האָט אָפּגעטראָטן.

— בע־ע־ע!— האָט אים כײַקל נאָכגעשריגן. די יינגלעך האָבן אונטער־געכאַפּט און באַגלייט סאַשען מיט אַ הילכיקן „ב־ע־ע־ע!".

אָפּ מאָרגן, ווען זעליק איז געגאַנגען אַהיים דורכן שמאָלן געסל, איז אים אַנטקעגן געקומען דער מילנער. זײַנע קליינע שפּיצעכיקע אייגעלעך האָבן געקוקט ערגעץ אינדערווײַט, ווי ער וואָלט גאָרניט אין זינען האָבן זעליקן. נאָר ווען זיי האָבן זיך דערנעענטערט איינער צום צווייטן און האָבן זיך געדאַרפט אויסמײַדן, האָט אים דער מילנער אַ כאַפּ געטאָן. זעליק האָט זיך געריסן פון זײַנע הענט, געשריגן, נאָר פּייסי האָט אים געהאַלטן פעסט — פּאַוואָליע אָנגעדרייט איין אויער, דערנאָך דעם צווייטן.

— איצט מעגסטו גיין דערציילן דער מאַמען דײַנער, פאַרוואָס איך האָב דיר אָנגעדרייט די אויערן,— און האָט אים אָפּגעלאָזט.

זעליק האָט אויסגעשפּיגן עטלעכע האָר פון פּייסיס קלינעוואַטן שטע־כיקן בערדל, וואָס זײַנען אים אַרײַנגעקראָכן אין מויל. ער איז אָפּגע־לאָפן עטלעכע טריט, אַז דער מילנער זאָל אים ניט קאָנען פאַקן, און גענומען שרײַען:

— באַלעגופּ! וואַרט, וואַרט, עס וועט קומען אָפּ אײַך אַ וויסטער סאָפּ, באַלעגופּ!

פּייסי איז געגאַנגען זײַן וועג, און זעליק איז אים נאָכגעגאַנגען און געשריגן:

— באַלעגופ! עס וועט קומען אפ אייַך א וויסטער סאָפ, באַלעגופ!

פונ א זייַטיק געסל איז אָנגעקומענ ריווע די אַלמאָנע, א ייִדענע מיט א פאַרבּרוינט פּאָנעמ אונ מיט א סוקעוואטנ שטעקנ אינ דער האנט. דער־זענ, אז זעליק האלט זיך פארנ לינקנ אויער אונ שרייַט מיט א וויינענ־דיק קאָל, האָט זי זיך גלייַך אָנגעשטויסנ, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומענ.

— אז דרייענ זאָל אייַך אינ די געדערימ פונ הייַנט א גאנצ יאָר! — האָט זי אָפּגעצאָלט פּייסינ, — הערט, געוואָרנ א באַלעבּאָס איבּער דעמ ייִנגל, אז ניט דערלעבּנ זאָלט איר אייניקלעך אזעלכע, ווי ער!

אלע דריי זייַנענ זיי זיך צעגאנגענ אינ באַזונדערע זייַטנ, אונ זעליק האָט נאָך אלצ געהערט ריוועס קאָל:

— אז אינ די געדערימ זאָל אימ דרייענ...

פונ דעמלט אָנ שטעלט זיך זעליק מער ניט אָפּ לעבּנ דעמ מילנערס שטוב. אז ער הערט שפּילנ, גייט ער צו צו זייַנ כאווער כייַקל, ריווע דער אַלמאָנעס, די דריטע שטוב פונעמ מילנערס, אונ זעצט זיך אנידער אפ דער פּריזבּע. אז קיינער שטערט אימ ניט אונ ער כאפּט דעמ מאָטיוו, ווערט שוינ בּא אימ ניט פארפאלנ דער דינסטער קלאנג. נאָר ריווע, אז זי גייט אומ, קלאפּט זי מיטנ שטעקנ אונ שלאָגט אימ קעסיידער איבּער. אמאָל טרעפט, אז זי גייט גראָד ארויס אפ דער פּריזבּע. זעט זי, ווי דאָס ייִנגל זיצט פארכושט, אויסגעדרייט דעמ קאָפּ צומ מילנערס אָפענעמ פענצטער, הייבּט זי אָנ אפ איר גראָבּלעכנ הייזעריקלעכנ קאָל:

— אז פארשטערט זאָל זיי נאָר ווערנ!

אמאָל זעצט זי זיך צו צו זעליקנ אונ הייבּט אימ אָנ דערציילנ, וויאַזוי־מע האָט זי, ריווענ, געפּלאָגט בּא פּייסינ אינ שטוב.

ריווע האָט א גאנצ לעבּנ געארבּעט בּאמ מילנער: געוואשנ די דילנ, געמאָלקנ די בּעהיימעס. איינמאָל בּייסנ מעלקנ האָט א פליג א שטארקנ בּיס געטאָנ די בּעהיימע אינ בּויך. די בּעהיימע האָט א דריגע געגעבּנ מיטנ פוס אונ איבּערגעקערט דאָס מעלקשעפל. א היפּשע קאַליוזשע מילך האָט זיך צעגאָסנ איבּער דער ערד. דערופ איז אָנגעגאנגענ פּייסי. די אויגנ האָבּנ זיך בּא אימ אָנגעגאָסנ מיט רעציכע אונ ער האָט ריווענ א שטויס געטאָנ מיטנ פוס.

ריווע איז אונטערגעפאלנ אונטער דער בּעהיימע אונ זיך צעוויינט. פאר גרויס בּאליידיקונג האָט זי בּייסמייַסע ניט געפילט דעמ ווייטעק פונעמ קלאפּ,

נאָר אופהייבן זיך האָט זי ניט געקאָנט. נאָכדעם איז זי אָפּגעלעגן עטלע־כע כאַדאָשים צו בעט, און פון דעמלט אָן שלעפּט זי א פוס און גייט מיט א שטעקן. פון יענער צײַט זײַנען שוין פאַרבײַ אַסאַך יאָרן, נאָר ריווע, אַז זי דערמאַנט זיך, זאָגט זי:

— אויב זי וועט ניט דערלעבן קיין נעקאָמע אינעם באַלעגוף, וועט זי ניט קאָנען רויִק שטאַרבן.

אַז ריווע הערט אַפּ א ווײַלע אויף צו ריידן, ווערט זעליק צוריק פאַר־כאַפּט פון דער מוזיק. און נאָכדעם טראַכט ער, אַז אַסיע איז עפּשער ניט אַזאַ ווי דעם באַלעגופס איבעריקע קינדער. ניין, זי שפּילט דאָך אַזוי וווּנ־דערלעך, אַז עס כאַפּט אַזש באַם האַרצן. ווען ער זאָל וויסן די שאָ, ווען קיינער איז ניטאָ אין שטוב, — ניט פּייסי און ניט סאַשע, — וואָלט ער צו־געגאַנגען און וואָלט אַרײַנגעקוקט אין אַסיעס פענצטער. זי, אַסיע, האָט דאָך אים דעמלט ניט געלאָזט אַוועקטרײַבן און האָט אים נאָך א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. ער וואָלט זיך צוגעקוקט, ווי זי שפּילט. ס׳איז גאָר ניט אַזוי שווער זיך אויסלערנען שפּילן אַפּ אָט דעם וווּנדערלעכן אינ־סטרומענט. מע דאַרף נאָר וויסן, וואָסער בײַנדל וועלכן קלאַנג עס גיט אַרויס...

---

זעליק איז געלעגן אַפּ דער פור, אײַנגעגנורעט אין שטרוי. דאָס פערד, אַן אויסגעשפּאַנטס, האָט געשמאַק געכראָמטשעט דעם האָבער מיט סיטש־קע, שוין קימאַט אויסגעליידיקט די טאָרבע. און מישע, זעליקס עלטערער ברודער, האָט זיך נאָך אַלץ ניט אומגעקערט פון רײַויספּירקאָם. ער זאַמט זיך שוין לאַנג, זעליקן נאָגט שוין טאַקע גוט אונטערן לעפּעלע. ער טאַפּט אָן באַם זײַט וואָגן אונטער דער שטרוי דאָס טאָרבעלע עסן, וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבן — ברויט מיט סאַלע און האַרטע אייער. זעליק ווייסט, אַז מישע וועט קומען, וועט ער אַפּ אים שרײַען, פאַרוואָס ער האָט געלאָזט איבערכאַלעשן דאָס האַרץ. נאָר אַלציינס וועט ער וואַרטן, ביז מישע וועט קומען. עס וועט זיך עסן געשמאַקער.

זעליק ווייסט, ווען וואָס מישע איז געגאַנגען — וועגן דער שוואַרצער באַלקע, מע זאָל זי אָפּגעבן דעם קאָלווירט. אוי, וועט זײַן גוט... זי איז אַזאַ גרויסע, די באַלקע. און די ערד — שוואַרצע, פעטע, אַז זי גלאַנצט אַזש אַנטקעגן דער זון. פאַראיאָרן האָט מען זיך אַרויסגעשלאָגן פון די

קויכעס, בייס דער קאָלווירט האָט זיך באַדאַרפֿט פֿאָרען אין אַסאַך ער־טער, און דעריבער האָט מען טאַקע ניט געקאָנט אַלץ איַינהיטן. אין איין אָרט, באַ דער ווינט־מיל, האָט מען איבערגעבראָכן אַלע שטעקלעך פֿון דער קוקורוזע, ווען די פּשעניטשקעס האָבן זיך ערשט באַדאַרפֿט אויס־שטיין. און וויפֿל איז ווערט דאָס, וואָס ער, זעליק, וועט קאָנען גיין רויִק אַראָפּ מיט דער באַלקע צום טײַך כאַפּן פֿיש! אַזוי טײַנעט פּייסי, אַז דאָס גייט מען צו זיין אַרבעס. ווער דאַרף עס אים האָבן מיט זײַן אַרבעס!

דער טאָג פֿאַרגייט. שאָטנס יאָגן זיך נאָך די לעצטע שטראַלן. די שפּע־רעלעך קלײַבן זיך אַפּ נאַכטלעגער — זיי פֿליִען אַרײַן אין די געדיכטע פֿאַרבאָרגענע ערטער פֿונעם צעוואַקסענעם קאַשטאַן. אַ טשאַטע פֿייגעלעך האָט אַ יאָג געטאָן פֿון ערגעץ, און אַלע מיטאַמאָל האָבן זיך אויסגעזעצט אַפּ אַ סטאָרטשענדיקער צווײַג. זיי שפּרינגען איינס אַנטקעגן אַנדערן און צוויטשען שטאַרק אויפֿגערעגט. אָט האָט זיך איינס אַ ריס געטאָן פֿון אָרט און אַלע נאָך דעם. זיי האָבן זיך ראַשיק אַראָפּגעלאָזט אַפּ דער ערד, ניט ווײַט פֿונעם וואָגן, — און ווידער אַ געפּילדער, די עקלעך פֿאַריסן, די פֿעדערלעך אַרום האַלדז אויפֿגעבלאָזן און מע קאַסט זיך גאָר ניט אַפּ קאַטאָוועס. זעליק איז אַ באַלן אַראָפּקריכן פֿונעם וואָגן. אין דעם טומל וועט ער גאָר פּרווון אַרופֿוואַרפֿן אַפּ זיי דאָס היטל. ער גאַנוועט זיך פֿאַ־וואָליע... נאָר אָט דערזעט ער מישען. זעליק פֿאַרגעסט אין אַלץ און לאָזט זיך אים אַנטקעגן. מישע לייגט אים אַרופֿ גוטברודעריש די האַנט אַפּן אַקסל. פֿון מישעס גרויסע גרויע אויגן שפּאַרט אַרויס פֿרייד. זעליק וויל, ער זאָל שוין אָנהייבן דערציילן, נאָר מישע רעדט גאָר פֿון עפּעס אַנדערש.

— איך וועל נאָך דאָ בלײַבן, — זאָגט מישע, — און דו פֿאָר אַהיים. דו ווייסט ניט מוירע האָבן? — כאַפּט ער אַ קוק אַפּ דער פֿאַרגייענדיקער זון. די צעפּלאַקערטע וואָלקנס באַם ראַנד הימל ווערן שוין טונקל־גרוי.

— אָהאָ, — זאָגט זעליק, — וואָס איז דאָ וואָס מוירע צו האָבן?

— איז פֿאָר גיך.

מישע האָט זיך ניט איַינגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן:

— די באַלקע איז שוין אונדזערע, דעם קאָלווירטס. נאָר הערסט, זעליק, דערווײַל — קיינעם קיין וואָרט ניט!

— פֿאַר וועמען האַלטסטו מיך? — האָט זיך זעליק באַליידיקט.

מישע האָט ארויסגענומען דאָס טאָרבעלע פונ אונטער דער שטרוי, אָפּגעשניטנ זיכ א שטיק ברויט מיט סאלע, דאָס רעשט געלאָזט זעליקנ.
— עס אָפּ אונ פאָר באלד אהיימ.
אינ שטאָט איבערנ ברוק איז זעליק געפאָרנ פּאוואָליע. אז ער וועט ארויספאָרנ אפנ שליאכ, וועט ער א יאָג טונ. פלוצעמ האָט ער דער־הערט, ווי עמעצער רופט אימ. ער האָט זיכ אומגעקוקט — אסיע.
— דו פאָרסט אהיימ? — האָט זי געפרעגט.
— יאָ.
— וועסט מיכ נעמענ?
— זעצט זיכ ארופ.
— איכ דארפ נאָכ אפּ איינ ווײַלע צו דער שנײַדערקע.
אסיע האָט זיכ פלינק ארופגעדראפּעט אפנ וואָגנ. זי איז א פלינקע, אסיע, ווי א קאַצ. אונ די אויגנ בא איר גרינלעכע, שארפע, זיי שטייענ ניט אײַנ רויק, פּונקט ווי בא איר טאטנ, נאָר זיי זײַנען גרעסערע, מיט ווייכע, טונקעלע ברעמענ. די ציינ — שפּיצעכיקע אונ די לאנגע, דינע פינ־גער — מיט עטוואָס פארבויגענע שארפע נעגל.
— וואָס קוקסטו אזוי? — האָט אסיע אליינ געכאפּט א קוק אפּ אירע הענט.
— איר שפּילט אזוי גוט.
— אונ דו ווילסט זיכ אויסלערנענ שפּילנ?
זעליק האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ שטארקער א ציִ געטאָנ די לייצעס.
בא דער שנײַדערקע האָט זיכ אסיע פארהאלטנ א לענגערע ווײַלע. זי איז ארויס פונ דאָרטנ מיט א קוישל אינ די הענט.
— קערסט שוינ זײַנ הונגעריק? — האָט זי צעבונדנ דאָס קוישל אונ אימ דערלאנגט א הינערש פּאָלקעלע.
— ניינ.
— איכ האָב פײַנט אז מע שעמט זיכ.
זעליק האָט גענומענ.
— איצט, זעליק — האָט זי געבעטנ, — טאקע אפּ איינ רעגע. איכ האָב אָפּגעלייגט נאָטנ אינ מאגאזינ.
זעליק האָט ניט גערנ א ציִ געטאָנ די לינקע לייצע. ער האָט מוירע געהאט,

טאָמער קומט אָנ מישע, וועט ער כאפּנ פונ אימ א גאָב, פארוואָס ער פירט ארומ דעמ באלעגופּס טאָכטער. נאָר אסיע, האָט ער געטראכט, איז דאָכ ניט אזא, ווי דאָס איבעריקע געזינדל דעמ באלעגופּס. זי שפּילט דאָכ אזוי גוט אונ זי לערנט זיכ, זאָגט מענ, צו ווערנ א לערערקע פונ מוזיק.

אסיע איז שנעל ארויסגעלאָפנ פונ מאגאזינ.

— אָט האָב איכ שוינ די נאָטנ,— האָט זי א זאָג געטאָנ צו זעליקנ, ווי צו א מענטשנ, וואָס פארשטייט ווי עס צו שאצנ,— שוינ איינמאָל נאָטנ...

זעליק האָט אוועקגעלאָזט דאָס פערד אינ פולנ גאנג. דער ארויספאָר פונ שטאָט איז געלעגנ בארג־אראָפּ. אפנ הימל האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אויסשיטנ פינקלענדיקע שטערנ, עס האָט געטריפט מיט זילבער־שײַנ. אסיע האָט זיכ פארטראכט. אינ סטעפּ איז אזוי גוט, אונ אז זי קומט זומער אפ די פּאָר כאדאָשימ אהיימ, גייט איר ניט אײַנ דאָס לעבנ. אינ דאָרפ קוקט מענ אפ איר קרומ, אונ טאָמער ווערט מענ געוווירע אינ קאָנסערוואטאָריע, ווו זי לערנט, אז איר טאטע איז א באלעגופּ?.. אינ קאָנסערוואטאָריע מיינט מענ, אז זי לעבט פונ די עטלעכע „אוראָקנ", וואָס זי גיט. זי וואָלט דארפנ גוט ווערנ מיט מישענ. ער איז דאָכ דער סעקרעטאר פונעמ קאָמיוגישנ קעמערל. זי וואָלט אימ געזאָגט, אז זי וויל אוועק פונ די עלטערנ, אז עס ליגט שוינ צווישנ זיי א טהאָמ. איר איינציקע שטרעבונג איז— זײַנ א לערערנ פונ מוזיק. אנומלטנ האָט זי באגעגנט דעמ פארוואלטער פונ שול, האָט זי אימ געזאָגט, אז זי וואָלט די כאדאָשימ, וואָס זי איז אינ דאָרפ, מיט פארגעניגנ געלערנט מיט א גרופּע מוזיקאליש־פייִקע קינדער. זי פארלאנגט דערפאר גאָרניט... האָט ער איר איידל אָפּגעזאָגט.

— פארוואָס ביסטו מער ניט געקומענ?— טוט זי פּלוצעמ א גלעט זעליקנ,— איכ האָב ליב קינדער, וואָס עס ציט זיי צו מוזיק.

— איכ האָב זיכ צעקריגט מיט אײַער טאטנ.

— דו מיט מײַנ טאטנ?— האָט זיכ אסיע פארוווּנדערט.

— מיר האָבנ זיכ צעשלאָגנ, איכ מיט סאשענ. ער האָט דער ערשטער מיכ אָנגערופנ מיט א צונעמעניש אונ דער ערשטער דערלאנגט מיר א זעצ אינ הארצנ. אלע ייִנגלעכ האָבנ געזענ. האָט אײַער טאטע מיכ געפּאקט אונ מיר אָנגעדרייט די אויערנ, אונ איכ האָב אימ נאָכגעשריגנ— באלעגופּ!

— ניט שיין אזוי נאָכצושרײַען אַן עלטערן מענטשן.

— פארוואָס האָט ער מיר אומזיסט געדרייט די אויערן? און ער איז דאָך טאקע א באַלעגופֿ! — האָט זיך זעליק ארויסגעכאַפּט.

אסיען איז אדורכ א גרויל איבערן לײַב.

— נישקאָשע, מעגסט קומען, — האָט אסיע געזאָגט, — ער קער שוין לאַנג שלאָפֿן, ער לייגט זיך פרי אין דער קלוניע.

זעליק האָט ניט געוווּסט, וויאזוי איר אָפּצודאַנקען.

— א צווייט מאָל, — האָט אסיע צוגעגעבן, — מעגסטו קומען מיט נאָך קינדער, וואָס האָבן ליב מוזיק.

פֿון באַרג האָבן זיך שוין אָנגעזען די ערשטע שטיבער פֿון דאָרף. וווּ־ניט־וווּ האָט געפינקלט א פײַערל. דאָס פערד האָט דערפֿילט די נאָענטע היים, האָט געפֿאָרשקעט און איז געשמאַק געפלויגן.

זעליק האָט אָפּגעשטעלט די פור הינטערן דאָרף און אַראָפּגעלאָזט אסיען.

— קאָנסט נאָך קומען הײַנט, אויב דו ווילסט, — האָט אסיע געזאָגט, — קום צו גיין, איך וועל הײַנט פּרוּוון די נײַע נאָטן.

זעליק האָט אפגיך אָפּגעפירט די פור אין קאָלווירטישן הויף, ניט געגאַנגען אפילו אהיים און איז גלײַך אוועק צו אסיען. נאָר וואָס נענטער ער איז צוגעקומען, אַלץ לאַנגזאַמער זײַנען געוואָרן זײַנע טריט. עפשער זאָל ער ניט גיין צו א סוינע אין שטוב?.. נאָר וואָס איז? ער גייט דאָך צו אסיען, ער וועט אליין דערציילן מישען. אָט איז ער שוין לעבן מילנערס שטוב. אין אסיעס פענצטער לײַכט זיך. זעליק האָט פאַר־זיכטיק פאַרהויבן דאָס פאָרהענגל.

— קום אַרײַן, — האָט אסיע געזאָגט.

זעליק איז אַרײַן, צוגעגאַנגען נאָענט צום אינסטרומענט. מיט דאָר־שטיקע אויגן באַקוקט די ווײַסע געשליפענע ביינדלעך. אסיע האָט אים געהייסן זיך זעצן אפֿן בענקל, געוויזן, וויאזוי מע דאַרף האַלטן די הענט.

— אָט אזוי, ניט אָנשפּאַרן די דלאָניעס, די פינגער דאַרפן זיך באַ־וועגן לײַכט.

זי האָט אים געוויזן עטלעכע נאָטן. ער האָט לײַכט באַנומען.

— דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל.

ער האָט אָפּגעשפּילט אפ דער פּיאנע איינ מאָל, א צווייט מאָל, די זעלבע נאָטנ געשפּילט אפ צוריק. אסיע האָט אלייג גענומענ א טאָנ, צוויי אונ דרייַ מיטאמאָל, זעליק האָט געטראָפנ. אסיענ האָט זיכ מיטאמאָל פארוואָלט אימ געבנ אָפּשפּילנ א לייַכטנ מאָטיוו פונ די עטלעכע טענער, וואָס ער ווייסט שוינ. איצט האָט שוינ זעליק פארגעסנ, ווו ער געפינט זיכ, ניט געפילט, ווי די צייַט גייט. ער האָט אָנגעקוואָלנ, וואָס די טענער פונ אונטער זייַנע פינגער בינדנ זיכ, אונ וואָס ווייַטער, אלצ בעסער.

פלוצעמ האָט זיכ אופגעעפנט די טיר, אונ פּייסי איז ארייַנגעקומענ. דאָס פּאָנעמ — פארשלאָפנ, רויט, אָנגעבראקנעט, די גרוילעכע שטייַפע האָר האָבנ געסטאָרטשעט, ווי בא א שטעכלער, די קליינע שפּיצעכיקע אייגעלעכ האָבנ זיכ געזשמורעט קעגנ דער שייַנ.

— וואָס טאראבאנעוועסטו גאנצענע טעג, ס'איז מיר גאָרניט אזוי גוט אפנ הארצנ. זע, וואָס טוט דאָ אָט דער שנעק, הא? — האָט ער באמערקט זעליקנ. — איכ וועל אימ באלד...

אסיע האָט זיכ א שטעל געטאָנ אנטקעגנ דעמ טאטנ.

— ווערסט אימ ניט אָנרירנ! — זיצ רויִק, — האָט זי זיכ געווענדעט צו זעליקנ.

נאָר זעליק האָט זיכ פלינק א דריי געטאָנ הינטער פּייסיס פּלייצע אונ איז ארויס דורכ דער טיר. ער איז אוועק אהיימ. פאר די אויגנ איז אימ לאנג געשטאנענ דאָס בילד: אסיע האָט אימ באשיצט קעגנ איר טאטנ. איצט זעט ער, אז זי איז טאקע אנ אנדערע, אסיע, אונ האָט ניט קיינ מוירע פאר איר טאטנ. ער וועט מישענ דערציילנ וועגנ דעמ.

פּייסי האָט ארומגעשפּאנט איבערנ צימער.

— וואָס איכ שרייַ? קיינער וועט מער ניט דארפנ אָנקומענ צו פּייסינ, אונ אפנ פעלד צו פּייסינ וועט אויכ קיינער ניט גיינ, אלע שפּארנ זיי אינ קאָלווירט. אונ פינפ הונדערט רובל א כוידעש דער גערעטענער טאָכטער אינ קאָנסערוואטאָריע פאלט אויכ ניט אראָפּ פונ הימל, אונ זי זיצט זיכ אונ שפּילט, גלייַכ ווי גאָרניט!

— וואָס בינ איכ שולדיק! — האָט זיכ אסיע א פעסטע געטאָנ. — איכ וועל אינגאנצנ אוועקפאָרנ.

— נעמ א פענ אונ שרייַב. מיר טריקנט דער מויעכ, דו מיינסט, איכ בינ געשלאָפנ? געלעגנ אונ געטראכט!

— אײַ, טאטע, װאָלסט אַלײן געמאַכט אַ קאָלװירט, דו און יױנגע גאָלדשפּינער און בערעש דער קאַנאָװאַל, — אַלע, װאָס האָבן ערד אַפּ דער באַלקע. און זאָל מען דיר דערװײַזן, אַז עס איז ניט קײן קאָלװירט... איך קען שױן ניט איבערטראָגן די שטענדיקע שרעק, אַז מע װעט זיך דערװיסן אין קאָנסערװאַטאָריע...

— אַז ריװע האָט אױך ערד אַפּ דער באַלקע, — האָט פּײסי אַ ברום געטאָן. — און ליפּע דער בלײַכער אױך. נעם זײ אַרײַן — איז שלעכט, נעם זײ ניט אַרײַן... און זײ װעלן גאָרניט גײן...

פּײסי האָט פאַרקנײטשט דעם שטערן, די האָר פון די ברעמען האָבן זיך אױפגעשטעלט, װי די נאָדלען.

— נעם שרײַב: „מיר, די פּױערים פון דאָרף ראָגעװיץ... נײן, די אונטן אונטערגעשריבענע פּױערים"... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דערװײַל זײַנען צוגעגרײט סאַכאַקל 15 כּסימעס, און בעריש דער קאַנאָװאַל, װאָס האָט הײַנט געדאַרפט קומען דערצײלן, װי גײט עס װײַטער, איז אױך ניט געקומען. פּײסי איז װידער אַרײַנגעפאַלן אין כּעס.

— נאַ דיר גאָר אַ מעכוטן מיט זלאַטקעס יינגל. נאַר, אַז זײ װעלן דיך קאָנען דערטרינקען, װעלן זײ דיך סײַװי דערטרינקען. װאָס האָסטו דאָרט אָנגעשריבן?

— טאַטע, לאָז מיך אַלײן אָנשרײַבן, װעסטו זען.

— אַדעראַבע, באַ לײַטן אַ געבילדעטע טאָכטער... שרײַב... אַז...

— דו זאָג מיר ניט אונטער, װעסט זען פאַרטיקערהײט. איך װעל עס אָנשרײַבן ניט ערגער פון דיר, און עפּשער נאָך בעסער... — און די גרינלעכע אױגן אירע האָבן זיך אַ צינד געטאָן.

פּײסין איז געפעלן געװאָרן, װאָס זײַן טאָכטער איז דאָרט אין שטאָט צװישן די פּיאַנעס ניט אױסגעװעבט געװאָרן.

— װען איך קאָן זײ אָט אַזױ אָ!... — ער האָט אַ רײַב געטאָן מיטן פוס איבערן דיל, — אַזױיױ די װערעם...

— װעסט דאָס אױך דערלעבן, טאַטע.

פּײסי איז גערירט געװען, זײַנע אױגן זײַנען אַזש פײַכט געװאָרן. ער האָט אַרופגעלײגט זײַן ברײטע האַנט אַפּ דער טאָכטערס װײכע האָר און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַלײן:

— א גאָלדן קינד, דארף עס ארויסקוקן, וויאזוי אויסצונעמען בא אזא־אָ, ווי מישע!..

ער האָט אויסגעטרונקען א האלבן גראפין וואסער און איז ארויס אינדרויסן.

אפ דער קעגניבערדיקער זײַט גאס, עטלעכע שטיבער ווײַטער, האָט זיך געלויכטן בא ריווען אין די פענצטער. ער וועט ארײַנגיין זיך דערוויסן, — האָט פייסי א טראכט געטאָן, — צי מישע, זייער פאָרזיצער, איז ניט געפאָרן אין שטאָט ארײַן. ער האָט ארײַנגעקוקט אין פענצטער — ריווע זיצט נאָך באַם טיש, האָט ער אופגעעפנט די טיר, אָנ א קלאפּ.

— א גוטן אָוונט, שלאָפסט נאָך ניט?

— ווי איר זעט.

— ווּ איז עס מישע, אײַער פאָרזיצער?

— וואָס האָט איר אים געדארפט האלבע נאכט?

— איר פארשטייט, איך האָב א טראכט געטאָן: איר פאָרט זוכן ווּ צו בײַטן טוווע אפ זריִע. צוליב וואָס זאָל מען קוקן איינע אפ די אנ־דערע, ווי וועלפּ? איך וואָלט אײַך מיט פארגעניגן אויסגעביטן. בא א געלעגנהײַט וועט איר מיר אמאָל אויך טאָן א טויווע.

— מיר האָבן שוין געביטן.

— נו, גוט. איך האָב געמיינט, ווי בעסער. איז מיילע... דארף מען, הייסט עס, גיין.

בא דער טיר האָט ער זיך פארהאלטן א ווײַלע, צוגעריכערט באַם קאנעצל.

— אומזיסט האָט איר זיך ארײַנגענומענ אין קאָפּ די באלקע, איר וועט זי ניט אופהייבן. דאָס הייסט נאָר יענעם קאליע מאכן. איר האָט ניט די פערד, ניט די קויכעס דערצו, און זי איז א קאפריזע, די באל־קע! דו ווייסט דאָך, אמאָל טרעפט, אז דאָס ברויט ווייקט אויס...

— וואָס זײַנט איר פלוצעם אונדז געוואָרן אזא גוטער פרײַנט?..

— ריווע, איך בין דיר ניט קיין סוינע, איך האָב זיך געפירט אמאָל קעגן דיר ניט לײַטיש, מיין ניט, אז איך האָב פארגעסן. איך בין גרייט דיך איבערבעטן, מיט וואָס נאָר דו פארלאנגסט. מיר זײַנען שוין ביידע באלד אלטע לײַט, ס׳טויג ניט אזוי טראָגן אײנער אפן אנדערן א הארצ.

— איך קלײַב זיך נאָך ניט שטאַרבן, וואָס איר זײַנט מיך געקומען איבערבעטן...

— ריוועך, איך זע נאָך ניט די גליקן, וואָס וואַרטן אַף דיר איך קאַלווירט. ווילסט אַליין באַאַרבעטן די ערד, מעכעטייסע, קען איך דיר אויסלײַען זריע און א פערד אַף פאַראַקערן, איך פאַרלאַנג פון דיר גאָרניט, און פאַר דער באַליידיקונג אַמאָל, בין איך גרייט, וואָס דער ראָוו וועט זאָגן...

— נישקאָשע! איך וועל זיך שוין יאַקאָשן באַגיין אָן אײַערע טויוועס... איך וועל זיך שוין האַלטן באַם קאַלווירט.

— כאָלילע... כ׳רעד דיך דען אָפּ? האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען... זאָל עס מיר אָנקומען, וואָס איך ווינטש דעם קאַלווירט. געמיינע ייִדי־שע מישפּאָכעס האָבן זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, אַז איך בין זיי א סוינע... א גוטע נאַכט. — און ער האָט זיך אויסגעקערעוועט נאָכאַמאָל: — איך ווינטש דיר ווי בעסער. נאָר ווי עס זאָל זיך ניט מאַכן, איז מײַן טיר שטענדיק אָפן פאַר דיר. א גוטע נאַכט!

פּייסי האָט זיך געלאָזט צו בעריש דעם קאָנאָוואַל. אַפן וועג זיך אָפּגעשטעלט א ווײַלע לעם הויכן שטיינערנעם פונדאַמענט, וואָס דער קאַלווירט האָט פאַרלייגט אַף בוינען א שפּײַכלער.

— ברייט זיך פאַרמאָסטן, — האָט ער א בורטשע געטאָן, — אַז מע וועט זיי ניט אונטערהאַקן באַצײַטנס די פליגל...

ער האָט זיך געלאָזט מיט די גערטנער צו בעריש דעם קאָ־נאָוואַל.

בעריש איז א פול געפּאַקט ייִדל מיט א קליין שפּיצעכיק קעפּל. זײַן פליכעוואַטער שאַרבן איז באַדעקט מיט די קנאַפּע שיטערלעכע געלע האָר פון די שלייפן. שטאָלצירן שטאָלצירט בעריש, קענטיק, מיט די וואָנצעס — היפּשע וואָנצעס, רויטע און אויסגעדרייטע, ווי צוויי שפּיצי־קע הערנער. בעריש האָט מיט עפּעס א פעטס געשמירט די קאַליע אויגן און שטאַרק געפּינטלט מיט די רויטע אָנהאָריקע וויִעס.

— עס גייט, ווי פון פּעך, רעב פּייסי, — האָט ער גערעדט גיך, — וואָס ווי פון פּעך? ווי פון פאַרקילטן פּעך. אַז עס האָט זיי אַלעמען אופגערודערט די מויכעס דער קאַלווירט. וואָס דאַרפט איר מער, אַזא ייִד, ווי ביינעש שטיינקלאַפּער, שעמט זיך מיר ניט זאָגן: „אַז איך ווייס

נאָך ניט, ווו איך וועל אליין פאַרקערעווען דעם דישל״ — איז ניט עק וועלט?.. איך זאָג אייַך, מיר איז ניט ניכע די גאַנצע זאַך, איך בין ניט קיין שרעקעוודיקער, נאָר מע קאָן זיך אָנרייַסן אַפ אַ צאָרע...

— וואָס־זשע איז די אייצע? — האָט פּייסי שטאַרק געקאַלופּעט די נאָז און אָפּגעזיפּצט. — רעב בעריש, דער קאָלווירט... מירן פון אים טשאַכנען, ווי אַ בוים אין שאָטן, און איר, רעב בעריש, מיינט ניט.. פון די אַרבעט־טעג ווערט נאָר דאָס ביכל פול.

— איך ווייס דען ניט...

— רעב בעריש, ווען עס פאַלן באַ זיי די פערד איצט, אין רעכטן ברעג.. באַלעבאַטים וואָלטן זיך לאָזן קאָסטן... נו, וואָס שווייַגט איר...

— צו אַלץ איז דאָ אַן אייצע... נאָר מע דאַרף האָבן אַ מענטשן, וואָס מע זאָל זיך אַפּ אים קאָנען פאַרלאָזן, מייַן נאָמען זאָל ניט דערמאָנט ווערן... איך בין ניט קיין שרעקעוודיקער, נאָר זאָל ער גאָרניט וויסן, דער מענטש, אַז עס איז דאָ אַ בעריש אַפּ דער וועלט.

— נו, נו, זאָגט שוין.

— אַז איר וועט מיר שווערן, רעב פּייסי, איר זייַנט אַ פרומער ייִד, אייַך גלייב איך...

— איך שווער, איך שווער...

— שווערט מיר, אַז אַפילע מע זאָל ציִען פון אייַך אָדערן, וועט איר מייַן נאָמען אַפּ די ליפּן ניט אַרויסברענגען.

— נו, איך שווער, איך שווער.

— באַ גאָט?

— באַ גאָט, באַ גאָט. איר האָט מיך שוין פאַרמאַטערט.

בעריש האָט פאַרקייטלט די טיר. פּייסי האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, די האָר פון די ברעמען האָבן זיך אופגעשטעלט, ווי נאָדלען.

---

די זון, אַ צעפלאַקערטע, איז געשטאַנען הויך אין הימל. דאָס דאָרף האָט שווער און שטויביק געאָטעמט. פונעם שליאַך מיטן באַרג־אַראָפּ איז אין דאָרף האַסטיק אַרייַנגעפאָרן אַ ברישקע. זי האָט נאָכגעשלעפּט הינטער זיך אַ טונקל־גרויענע וואָלקן. פונפאָרנט אַפּ דער קעלניע זייַנען געזעסן צווייען — מישע און דער ראַיאָנער ערד־אייַנאָרדענער. די בריטשקע האָט זיך אַ ווייַלע אָפּגעשטעלט באַם דאָרפראַט און באַלד

אויסגעוויינט צו דער באַלקע. איבערן דאַרף האָט זיך גיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז עס איז געקומען דער ערד־איינאָרדענער און מע וועט איבערטיילן די ערד, און מענטשן האָבן זיך געלאָזט צו דער באַלקע. רעכטס, נאָענט פון שליאַך, האָט געאַקערט פּייסי. די צוויי קיילעכדיקע פערד האָבן לייכט געצויגן דעם אַקער איבער דער ווייכער פעטער ערד. עטוואָס נידעריקער האָט געבאָראָנעוועט יוינע גאָלדשפּינער. זיי זיינען אומיסטן אַרויס אין פעלד קעדיי צו ווייזן, אַז די ערד איז שוין צוגעגרייט, אַז האַיאָר, הייסט עס, איז שוין פאַרפאַלן, ס׳וועט שוין מוזן בלייבן, ווי געווען. ליפּע דער בלייכער האָט געהאַלטן דעם הילצערנעם מעטער — צוויי שטעקנס צונויפגעשלאָגן ווי אַ צירקול — און האָט געמאָסטן דעם באָדן אַ מעטער נאָך אַ מעטער. נאָך אים, מיט אַ בלאָקנאָט און אַ בליי־ער אין דער האַנט, איז נאָכגעגאַנגען דער ערד־איינאָרדענער. מישע איז געשטאַנען פונדערווייטנס. פּייסי האָט אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע די פערד און זיך צוגעקוקט. עס האָט אָנגעהויבן אין אים זידן דאָס בלוט, די בריעמען האָבן זיך אופגעשויבערט. אָט איז שוין ליפּע אַרויף מיט דער מאָס אַף זיין ערד. פּייסי האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און אַ זאָג גע־טאָן מיט געמאַכטער רויִקייט:

— פון דער באַלקע וועט איר קיין ברויט ניט עסן.

ליפּעס בלייכע באַקן האָבן זיך אָנגעצונדן און די נאָז איז געוואָרן ווי קרייד. די נאָז־פליגלען האָבן געציטערט.

— פאַרנעמט זיך פונדאַנען! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— איר האָט נאָך ניט דערווייל קיין פּאַפּיר אַף דער ערד, — האָט פּייסי מיט דער זעלבער געמאַכטער רויִקייט געענטפערט. — און דו האַלט פאַרזיכטיקער די צונג. ניט איין יאָר מיין ברויט געגעסן, און אַף ווײַ־טער האָסטו נאָך אויך באַ גאָט ניט אַרויסגענומענע קיין קוויטל.

— איך האָב געגעסן אייער ברויט? — האָט זיך ליפּע געלאָזן אַף אים. — איך וועל באַלד איבער אייער מיִעסן קאָפּ... — ער האָט פאַרהויבן דעם מעטער.

— אַז מיר ווילן אַליין מאַכן אַ קאָלווירט! — האָט געברומט יוינע גאָלדשפּינער — וואָס קריכט איר אַף אונדז?!

פוןביידע זייטן זיינען צוגעקומען מענטשן. די קוילעס האָבן זיך אויסגעמישט.

— מירן ניט דערלאָזן, בלוט וועט זיך גיסן.
— גענוג אײַך ווי פּיאווקעס צו ליגן אַפן אונדזער לײַב.
— ס'איז אַ גאזלאָוואַי.
— מיט גאזלאָוואַי האָט איר זי פּארנומען, די באלקע.
זעליק איז דאָ אויך געווען. ער האָט דאפקע געוואָלט, עס זאָל זיך אָנהייבן אַ געשלעג. דעמלט וואָלט שוין מישע אים באַצאָלט פאר אלץ, אָט דעם מיִעסן שטעכלער. נאָר מישע האָט אָפּגעהאלטן דעם אוילעם, דעריקער האָט ער גערעדט צו די קאָלווירטניקעס:
— צעגייט זיך, כאווײרים! וואָס מע דארף טון, וועט זײַן אָפּגעטאָן אָן געפּילדער. ליפּע, מעסט ווײַטער!
פּייסי האָט אַ טרײַב געטאָן די פערד, ווי איינער זאָגט: „און איך הער אײַך, ווי דעם פּאראַיאָריקן שניי".
— אומזיסט אײַער טירכע, — האָט אים ריווע נאָכגעשריגן, — דער קאָלווירט וועט אײַך פארן אקערן ניט באַצאָלן.
אין עטלעכע טעג ארום, ווען מע איז געקומען פארטאָג צום שטאל נעמען די פערד, האָט מען געטראָפן דעם וועכטער פארשלעפערט, אז מע האָט אים ניט געקענט דערוועקן. פיר פערד, די בעסטע, זײַנען געלעגן אָפּגעסאמט.
אפן בערגל, לעבן דער פערד־שטאל, האָבן זיך גיך צונויפגעזאמלט די קאָלווירטניקעס. זעליק האָט זיך דורכגעשפּארט צווישן אוילעם און איז ארײַן אין שטאל. די פערד זײַנען געלעגן פארקליאקנעט, די בײַכער אופגעבלאָזן, די אויגן פארגלאָצט.
— וואָס שווײַגט מען? — האָט געשריגן ריווע. — איך וועל גיין צו פּייסין און אים... — האָט זי פארהויבן איר סוקעוואטן שטעקן.
— רויִק, כאווײרים, — האָט מישע געבעטן, — ליפּע, נעם אַ פערד און רײַט צו אין ראיאָן צום פּראָקוראָר.
אין ליפּעס בלייכע באקן שלאָגט שוין די פארב, ער וויל, קאָנטיק, עפּעס זאָגן, נאָר ער כאַפּט אַ פערד אָן אַ ציימל, קלאמערט זיך אײַן מיט די הענט אין דער גריווע — און פון אָרט גיט ער זיך אַ ריס גלײַך אין גאלאָפּ.
מישע איז אויך בלייך, אזוי, אז עס לײַכטן זיך דורך די אָנגעצויגענע מוס־קולן אַפן זײַן פּאָנעם.

— כאווירים, — ציטערט פאר אופרעגונג זײַן קאָל, — דאָס איז א שפּיצל פון די באַלעגופים, קעדיי אונטעררײַסן דעם פּארזיי...

— זיי וועלן זיך גיכער אויסריכטן אף זיך א טויט, — האָט ריווע הייזעריקלעך געשריגן.

— שטילער, כאווירים, — האָט מישע געבעטן, — מירן זיי אפּצעלאָ־כעס...

— ווי וועסטו פארזייען?..

— מיט וואָס?..

— מירן פארקויפן די בעהיימעס, — האָט מישע ווײַטער גערעדט, — און קויפן פערד. מירן קריגן נײַע קרעדיטן, די מעלוכע וועט אונדז ניט פארלאָזן. דער קאָלווירט וועט האָבן בעהיימעס נאָך בעסערע, דער־ווײַל אָבער טאָר מען קיין איין טאָג ניט פארלירן. ריווע, איר הערט, וואָס מע רעדט?

— איך הער, מאסקים, נאָר לאָזט מיך שוין אָפּ. איך קאָן דאָ ניט אײַנשטיין, — האָט זי געפּאָכעט מיטן סוקעוואטן שטעקן.

— ריווע, איר וועט אינערגעץ ניט גיין...

זעליק האָט געפילט, אז מישע איז גערעכט. נאָר ער האָט געוואָלט, אז מע זאָל זי אָפּלאָזן, ריווען. זי האָט דאָך אמאָל פאר דער רעוואָ־ליוציע, דערציילט מען, דערלאנגט דעם סטאראָסטע צוויי פּעטש.

---

פון באנאכט האָט א ווינט אײַנגעלייגט וועלטן. געדרייט די גרויסע ביימער פאר די קעפּ, געבויגן די יונגע ביימלעך צו דער ערד און אויס־געלאָזט דעם גאנצן קאס צו די סאָראָקעס אף די שפּיצן פון די טאָפּאָלן, געוואָלט זיי אראָפּשלײַדערן פון דאָרט, האָבן זיי זיך אָבער אײַנגע־קלאמערט אין די צווײַגן, זיך געהוידעט און א גאנצע נאכט ניט צוגע־מאכט קיין אויג. נאָר פארטאָג, אז ס'האָט אָנגעהויבן שנייען, איז דער ווינט שטילער געוואָרן, זיך אָפּגערוט און איז גאָר אינגאנצן אוועק פון דאָרף. דער שניי האָט געשאָטן פּאוואָליע מיט גרויסע, געדיכטע, פּוכיקע שטיקער. פארנאכט האָט זיך דער הימל אויסגעשטערנט, און ס'האָט א כאפּ געטאָן א געזונט טרוקן פרעסטל. כעוורע האָבן געזומען די שליטע־לעך, און ווער עס האָט געהאט — ליזשעס, און מע איז אוועק הינטערן

דאַרף צום הויכן באַרג באַגריסן דעם ווינטער. איינגעפּאַרן אַ וועג, איז מען געפלויגן פונויבן וויַיט אין טאָל אַריַין. אָנגעלאָפן איינער אַפן אַנדערן, זיך איבערגעקוליעט און אָנגעפּילט די זילבער־בלויע פינקלענדיקע באַקן מיט פריילעכן קינדערשן געפילדער.

ווען זעליק איז געגאַנגען אַהיים, האָט ער זיך געריכט אַף אַ גאָב פון דער מאַמען. „מע האָט שוין, זיכער, לאַנג אָפּגעגעסן וועטשערע,— האָט ער געטראַכט.— און די מאַמע קער אַרומגיין אים זוכן“. ער האָט מיט פאַרקליאַקנעטע פינגער קוים אופגעעפנט די טיר— און באַלד רויִקער געוואָרן. אַ פולע שטוב מיט מענטשן, און אַלע זייַנען אַזוי פאַרטאָן, אַז קיינער האָט זיך אַפילע ניט אומגעקוקט אַף אים, ווען ער איז אַריַין. זעליק האָט באַקוקט דעם אוילעם: די פּענעמער באַ אַלעמען— שטרענג און אופגערעגט. נאָר מע רעדט ניט. קאָנטיק, אַז מע האָט שוין וועגן אַלץ אָפּגערעדט. איצט וואַרט מען אַף עפּעס. פאַרדריסט עס זעליקן, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט, זעט אויס, גאָר אַן אינטערעסאַנטן איניען. נאָר באַלד באַמערקט ער, אַז אַף ליפּע דעם בלייכנס אָפּגעצויגענע באַקן טליעט די פאַרב, ציַנדט זיך אַלץ העלער,— ער וועט באַלד, דאַכט זיך, אָנהייבן ריידן. טאַקע געטראָפן.

— אַ סאָפ... לאָמיר זיי...— ליפּע קוקט ניט אַף קיינעם, ער פּילט עפּשער ניט, אַז ער רעדט.— אין שטעטל נאָך האָב איך געאַרבעט אַף אים, און מער ווי דאָס צעריסענע פעלצל מייַן אייגנס האָב איך ניט, און ער זאָגט נאָך, אַז איך האָב געגעסן זייַן ברויט. אַ סאָפ!.. די נעשאָמע פון זיי...

— שטילער, כאָווער ליפּע,— בעט זעליקס מאַמע,— איצט, אַז מע דאַרף זיך נעמען צו דער זאַך, האָט ער זיך צערעדט, כּיַ וואָלט איר פריִער באַוויזן מער בעריעשאַפט...

— אַז איך האָב געשטעקט אין זייַנע הענט ווי אין קליעשטשעס, אַז איך בין זיך אַליין נימעס געוואָרן...

— מישע,— וווּנדערט זיך די מאַמע צום זון,— מע האָט געשיקט אַ מענטשן צו דער סטאַנציע?

— מאַמע, מע וועט קיין זאַך ניט פאַרגעסן, זיַי רויִק.

איצט ווייסט שוין זעליק, וועגן וואָס מע האָט דאָ אָפּגערעדט. וועט מען זיי, הייסט עס, איצט געבן, די באַלעגופּים, דעם עמעסן קלאָפּ. זייער גוט!

אָט האָט מענ געבראַכט געווער — פּיר בּיקסנ. איינע א יעגערשע, א צווייערדיקע, אונ שווערדנ, אסאך שווערדנ, ווענ מע גיט אימ, זעליקנ, אָנטאָנ כאַטש א שווערד... בּא מישענ פונ דער הויזנ־קעשענע שטעקט ארויס דאָס הענטל פונעמ נאהאנ. זעליקנ געפעלט עס ניט. ווענ ער, זעליק, האָט א נאהאנ, וואָלט ער אימ אָנגעטאָנ דאפקע פונויבנ, מיט א קאָבורע.

— כאווירימ, — נעמט מישע ארומ אלעמענ מיטנ בּליק, — יעדערער ווייסט, וואָס ער דארפ טונ. איז צו דער צײַט, פּונקט צו דער מינוט זאָל יעדערער זײַנ אפנ אָרט. ליפּע, נעמ א פערד אונ פלי צו צו דער סטאנציע, דערוויס זיכ גענוי, ווענ עס גייט אָפּ דער עשעלאָנ, אונ דו, זימל, דארפסט פארגרייטנ די פורנ.

זעליקנ פארווילט זיכ מיטאמאָל, עס זאָל שוינ גיכער דורכלויפנ די נאכט. ער וויל שוינ זענ, וויאזוי דאָס וועט זײַנ. מע וועט אָפּנעמענ, הייסט עס, בּא די באלעגופימ די פערד, די בּעהיימעס אונ די סעדער, אונ דערנאָכ זיי ארופזעצנ אפ פורנ. שא, אונ די פּיאנע? נו, אוואדע, ווי דענ! זי וועט בּלײַבּנ דעמ קאָלווירט. אָבּער ווער וועט לערנענ אפ איר שפּילנ? ווענ מע לאָזט איבּער אסיענ... זי איז דאָכ ניט אזא, ווי דעמ באלעגופס גאנצע געזינדל. זי שפּילט אזוי וווּנדערלעכ, אז עס נעמט אזש אָנ בּאמ הארצנ; אונ אימ, זעליקנ, האָט זי געזאָגט, ער זאָל קומענ מיט נאָכ קינדער, וועט זי זיי לערנענ שפּילנ. פארוואָס האָט ער נאָכ בּיז איצט ניט דערציילט וועגנ דעמ מישענ? נאָר מישע איז איצט אזוי פארטאָנ, ער וועט זאָגנ דער מאמענ.

— מאמע, — טוט ער זי א ציִ פארנ ארבל, — די פּיאנע, מאמע... אסיע... זי האָט געזאָגט...

— בּיסט נאָכ ניט געגאנגענ שלאָפנ, — כאפּט זיכ די מאמע, — וואָס זאָגט איר אפ דעמ יינגל? שוינ האלבּע נאכט!

זעליק דרייט זיכ אוועק, אונ זי פארגעסט בּאלד אינ אימ. ניינ, ער וועט שוינ ניט גיינ שלאָפנ, — ער וועט איבּערזיצנ אזוי די נאכט צוזאמענ מיט די גרויסע, אונ פארטאָג וועט ער ארויסגיינ גלײַכ מיט אלעמענ איבּערנ דאָרפ. נאָר פארטאָג גראָד איז ער אײַנגעשלאָפנ. ווענ ער האָט זיכ אופּגעכאפּט, איז די זונ שוינ געשטאנענ הויכ איבּערנ דאָרפ. וואָס טוט מענ, ווו קריגט מענ מישענ? זעליק האָט זיכ געלאָזט לויפנ. אפנ וועג האָט

ער אַרײַנגעקוקט אין עטלעכע באַלעגופישע שטיבער. דאָרט זיצט מען שוין און מע היט זיי.

אָט איז ער לעבן יוינעס סאָד. דער טויער איז אָפן, אַלע גייען דורכן סאָד, וועט ער אויך גיין. קיינמאָל האָט מען דאָך ניט געטאָרט אפילו נאָענט צוגיין צום סאָד, אַפּ אַלע יינגלעך האָט זי געקוקט, די יוינעכע, ווי אַפּ גאַנאָווים. זעליק כאַפּט אַ קוק אַפּ די באַשנייטע ברייט־צעצווײַגטע עפּלביימער. זומער, דערמאָנט ער זיך, זײַנען זיי באַלאָדן געווען מיט גאָל־דענע ראַנעטן. ער האָט נאָך הײַנטיקן זומער קיין רעכטן עפּל ניט פאַרזוכט. די מאַמע האָט נעכטן געבראַכט דיטשקע־באַרעלעך; אַז זיי ווערן שוואַרץ, צוגעלעגערט, דעמלט קאָן מען זיי עסן, זיי ווערן אַביסל זיסלעך, נאָר טערפּקע.

אָט איז שוין זעליק בײַ פּייסיס שטוב. אַפן גאַנעק זיצט ריווע מיט כײַקלען. זי אַמפּערט זיך מיט אַ „וויקאָנאַוועץ".

— אַ גאַנצ לעבן, — טײַנעט ריווע, — האָט מען דאָ מײַן בלוט געזויגן.. איצט האָב איך זיך דערלעבט... איר מעגט זיך אַפּ מיר פאַרלאָזן. ריווע וועט זיך נאָך אַן אייצע געבן! — הייבט זי אויף איר סוקעוואַטן שטעקן. — גייט פאַרבײַט עמעצן אַנדערש.

זעליק איז מעקאַנע כײַקלען, זעליקן ווילט זיך איצט אויך עפּעס טון. שאַ, מע רופט אים. בײַם פענצטער שטייט אַסיע, די אויגן — דערשראָקן.

— גיי ניט צו צו איר! — שרײַט ריווע.

נאָר ער גייט צו.

— זעליק, — רופט זי אים בײַם נאָמען, — וועסט איבערגעבן דאָס צע־טעלע דעם ברודער.

— נעם ניט! — שרײַט ריווע.

נאָר וואָס האָט ער מוירע? ער וועט אַ קוק טון, וואָס אין צעטעלע שרײַבט זיך. ער גייט אָפּ צוריק צום גאַנעק, צעוויקלט דאָס צעטעלע, ריווע נעמט אַרויס אירע ברילן מיטן איינציקן גראָבן גלעזל, אַזויווי פון אַ שפּאַקטיוו, קוקט אַרײַן און זאָגט נאָך:

„כאַווער מישע (דאָס וואָרט כאַווער אונטערגעשטראָכן מיט אַ פּאַסיקל). איך בין שוין פון מײַן פאָטער ווײַט אַוועק („אַ וויטעק איר אין פּאָנעם." — פינעט ריווע). איך לערן זיך אין קיִעוו אין קאָנסערוואַטאָריע („אַ גליק האָט אונדז געטראָפן." — זידט ווידער אויף ריווע). איך ווענדע זיך צו

אײַך, ווײַל איך פֿיל אין אײַך א פֿרײַנט (ווידער אונטערגעשטראָכן). אסיע".

— גלײב איר, דער שלאַנג! — זאָגט ריווע מיט גאַל. — קאָרג האָט זי זיך נויקעם געוועזן אין מיר! און ווער, מײנסטו, האָט געשריבן די פּאַ־פּירן אַף אונדז אין ראיאָן, אַז מע זאָל אונדז ניט געבן די באַלקע?

„אויב אַזוי — טראַכט זעליק, — מאַכט ניט אויס, וואָס זי האָט זיך ארײַנ־געפּאַקט". ער צערײַסט דאָס צעטעלע פֿאַר אירע אויגן.

אסיע איז געוואָרן בלײך, אירע אויגן האָבן א שפּאַר געטאָן פֿון די לעכער:

— איר וועט עס אויסקרענקען, — האָט זי א געשריי געטאָן צו ריי־וועג. — איר וועט בלײַבן די זעלבע שלעפּערקע!

צום פֿענצטער איז צוגעלאָפֿן סאַשע. זײַן פֿול פּאָנעם איז געווען צע־קרימט, די צײן — אויסגעשטשירעט. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פֿענצטער און מיטן גאַנצן קױעך א שפּײַ געטאָן אַף זעליקן, שיר ניט געטראָפֿן אים אין פּאָנעם.

— שפּײַ! שפּײַ! דאָס לעצטע מאָל! — האָט זעליק א זאָג געטאָן מיט אײַנגעהאַלטענעם קאַס. — די פּיאַנע וועט אויך בלײַבן בא אונדז.

— שפּענדלעך וועט אײַך בלײַבן, — האָט זיך אסיע אָנגעצונדן. אירע אויגן זײַנען אַזש גרין געוואָרן פֿאַר גיפֿט. זי איז אָפּגעלאָפֿן פֿון פֿענצ־טער.

„זי וועט צעברעכן די פּיאַנע!" — האָט זעליקן א שלאָג געטאָן אין קאָפּ. ער איז האַסטיק דורכן פֿענצטער ארײַנגעשפּרונגען אין שטוב. אסיע האָט געכאַפּט א האַקמעסער און זיך א וואָרף געטאָן צו דער פּיאַנע. זי האָט א זעץ געטאָן אײן מאָל, א צווייט מאָל, עס איז אָפּגעשפּרונגען דאָס דינע לײַסטל, צוויי בײנדלעך. זעליק האָט דערפֿילט א ווייטעק, ווי מע וואָלט אים אָפּגעהאַקט א פֿינגער. ער האָט געוואָלט אָנכאַפּן אסיען פֿאַר דער האַנט, נאָר סאַשע האָט זיך אַרופֿגעוואָרפֿן אַף אים. עס האָט זיך פֿאַרבונדן א געשלעג. פּײסי איז צוגעלאָפֿן און מיט א פֿױסט צוגעטױ־טשעט זעליקן. זעליק האָט באַוויזן אָנכאַפּן אסיען פֿאַר א פֿוס. זי האָט זיך איבערגעקערט. ריווע איז ארײַנגעלאָפֿן אין שטוב, זי האָט אופֿגעהױבן איר סוקוואַטן שטעקן.

— א, איר באַלעגופֿישע הינט!

פּייסי האָט אָפּגעלאָזט זעליקן און געכאַפּט א בענקל אַף ריוועג.
פאַרבײַ דער שטוב איז דורכגעפאָרן זימל מיט א פור. ער איז אַרײַן אין שטוב.

— רויִקער, פייסי, — האָט ער אַרויסגענומען פון זײַנע הענט דאָס בענקל, — איר וועט פאַרשפּעטיקן צום עשלאָן.

פּייסי איז געבליבן געפּלעפּט.

— נו, איינס און צוויי! — האָט א זאָג געטאָן זימל. — מאַכט דאָס בעקיצער.

זעליק האָט דערווײַל אויפגעהויבן דאָס שטיקל ביינדל, עס אַרופגעלייגט צוריק אַפן אָרט, און בײסמײַסע מיט די פינגער שנעל דורכגעלאָפן איבער אַלע ביינדלעך. זײַן פּאָנעם האָט אויפגעלויכטן: די פּיאַנע שפּילט!

זעליק האָט שוין אויסגעוואַרט לעבן גאַנעק, ביז מע האָט זיי אַרויסגעפירט. זעליק האָט זיך באַגעגנט מיט אַסיעס אויגן. ער האָט אַף איר איצט קיין קאַפּ ראַכמאָנעס ניט געהאַט. אים האָט האַנאָע געטאָן, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט די פּיאַנע.

---

אין א יאָר אַרום, ווען מ'האָט פון דער באַלקע אַראָפּגענומען די ערשטע געראַטעניש, איז זיך דער קאָלווירט צונויפגעקומען אַף א יאָנטעוו אין קלוב. אין קאָנצערט האָט זיך אויך באַטייליקט זעליק. ער האָט אַף דער פּיאַנע געשפּילט זײַן ערשטן אייגענעם מאַרש.

## פאַן אטאַמאַן — מיר זײַנען געקומען!

ארום שטעטל מ. האָט געלויערט גאַליאַדעס באַנדע. אַלע מאָל האָט זי זיך באַוויזן אין אַן אַנדער אָרט און איז פאַרשוואונדן. מע האָט ניט געקאָנט אָנטאַפּן, וווּ איז איר נעסט. דער קאָמאַנדיר פונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אוודייענקאָ האָט צוגערופן דעם פּאַרטיזאַן מוישקע פונק:

— וועסט צוגיין אין דאָרף קאַלינאָווקע — אויסשפּירן.

מוישקען, ווייסט דער קאָמאַנדיר, דאַרף מען קיין סאַך ניט דערציילן. מוישקע שטייט אויסגעצויגן פאַרן קאָמאַנדיר, אין זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צוויי פלעמעלעך.

— גוט, כאַווער קאָמאַנדיר!

מוישקע איז א יאַט פון מיטעלן וווּקס, מיט א בלאָנדער פּאַטלע האָר, רעדט אוקראַיִניש ווי א וואַסער — אויסגעוואַקסן פון יענער זײַט שטעטל צווישן אוקראַיִנישע יאַטן.

מוישקע האָט אָנגערוקט דאָס היטל איבער די אויערן און איז אוועק קיין קאַלינאָווקע. ער האָט אָפּגעציילט די נײַנטע כאַטע, ווי דער קאָמאַנדיר האָט אים אָנגעזאָגט. אַן עפן געטאָן די טיר און א זאָג געטאָן די ווערטער, וואָס ער האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטן אין קאָפּ:

— אוך, א וועטערל, אָ־אָ!

— און איך הייס נעטשיפּאָר, — האָט זיך אָפּגערופן דער פויער.

אָט דאָס איז געווען דער פּאַראָל.

נאָר אין קאַלינאָווקע — האָט זיך מוישקע דערוווּסט — איז די באַנדע שוין געווען און איז אוועק, נאָר וווּהין — ווייסט מען ניט. וואָס טוט מען? עס טרעפט אים דאָס ערשטע מאָל, אַז ער זאָל זיך אומקערן מיט גאָרניט. האָט ער זיך באַקלערט, ער וועט זיך דאָ נאָך פאַרהאַלטן א טאָג.

אינמיטנדערינען קומט אָן א רײַטער מיט א באַפעל פון אַטאַמאַן, מע

זאָל אים באַלד צושיקן אַ כאַזער. און ווער דאַרף אָפּגעבן זײַן כאַזער? — נעטשיפּאָר, וואָס פאַרמאָגט אײנגאַנצן אײן כאַזער!

דער סטאַראָסטע און דאָס שרײַבערל האָבן געהאַט אַף אים אַ האַרץ שוין פון לאַנג, האָבן זײ אַף אים אָנגעוויזן.

אין שטוב איז געוואָרן כוישעך. נעטשיפּאָר שרײַט, ער וועט פּלעטן קעפּ. זאָלן געבן די, וואָס האָבן צו עטלעכע כאַזיירים, וואָס האָבן בעהיימעס! נאָר דאָ שטײט שוין אונטערן פענצטער דער רײַטער און הוקעט, ער קאָן ניט וואַרטן, באַלד זאָל מען דעם כאַזער אָפּפירן. באַ מוישקען איז אופגעקומען אַ פּלאַן. ער האָט זיך שטיל אָנגערופן צו נעטשיפּאָרן:

— גיב אָפּ דעם כאַזער... איך וועל אים אָפּפירן...

אַ קוק געטאָן אײנער אַפן אַנדערן, און נעטשיפּאָר האָט פאַרשטאַנען... דאָס ווײַב איז, ווי פריִער, געשטאַנען אין אַ ווינקעלע און געכליפּעט. נעטשיפּאָר האָט זיך געמאַכט, אַז ער איז נאָך אַלץ בײז, און בורטשענדיק גענומען אַ שטריקל און איז אַרײַן אין שטאַל. אין אַ ווײַלע אַרום האָט שוין מוישקע געטריבן דעם כאַזער, דאָס שטריקל פעסט אַרומגעדרײט אַרום אײן האַנט, אַ צווײַגל אין דער צווייטער. פאָרויס פאָרט דער רײַטער, הינטער אים מוישקע מיטן כאַזער. אָפּגעגאַנגען אַזוי אַ ווערסט, צוויי, דרײַ, זײַנען זײ געקומען אין אַ וואַלד. אָט איז אַ מאָדנע צונויפגעוואַקסענער בוים: אונטן — אײן שטאַם, אויבן — די קרוינען קערן זיך אָפּ אײנע פון דער אַנדערער, ווי באַרויגעז. פון צווישן די פאַרשנײטע קוסטעס קריכן מיטאַמאָל אַרויס צוויי באַוואָפנטע. דערזען, אַ יאַט טרײַבט צו זײ אַ כאַזער, האָבן זײ אים דורכגעלאָזט. מוישקע וויל זיך ניט אומקוקן, נאָר ער וועט געדענקען, וויאַזוי צו גײן צוריק, — ער וועט זיך האַלטן לינקס פונעם צונויפגעוואַקסענעם בוים. און מוישקע מיטן רײַטער לאָזן זיך אַלץ טיפער אין וואַלד אַרײַן, ביז זײ קומען צו אַן אויסגעהאַקטן פּלאַץ, פרישע עטלעכע שטיבלעך, צונויפגעשלאָגן פון קײַלעכדיקע ברעווענעס, אַרום אַפן אײַנגעטראָטענעם שנײ פיל באַנדיטן. ווער עס פאָרקעט זיך מיט דער ביקס, און ווער עס קאָכט אַ קעסעלע געקעכץ באַם שײַטער.

ווייסט ער שוין, ווו זײ זײַנען.

ווי־זשע דרײט מען זיך איצט אויס פון זײ? דערזען אַ כאַזער, האָבן אַלע ווי אופגעלעבט. פון שטיבל איז אַרויס אַ הויכער פאַרשוין, אַלע

האָבן זיך אומגעקוקט צו יענעמס זײַט. „דער אטאמאנ״ — גיט מוישקענ א שלאָג איבּ קאָפּ, אוב ער באַמערקט: עס פעלט אים דער רעכטער אויער — „דאָס איז גאָליאַדע״. דער כאזער איז, ווי־זט אויס, גאָליאַדענ רעכט געפעלנ, האָט ער מוישקענ א קלאַפּ געטאָנ איבער דער פּלייצע:

— מאָלאָדיעצ!

— איך האָב אים אויסגעהאָדעוועט, — האָט מוישקע א זאָג געטאָנ. — מיר האָבנ נאָך א קלײנ כאזערל. איאָ, מער וועט מענ שוינ בא אונדז ניט נעמענ?..

דעם אטאמאנ איז מוישקע געפעלנ געוואָרנ:

— גיסט אים אָנ פונ דעם קלענערנ פעסעלע, זאָל ער וויסנ. טרינק, קיינ קאַלינאָווקע וועל איך דיך אונטערפירנ, זאָרג ניט!

א באַנדיט, וואָס האָט אביסל צוגעהונקענ, האָט מוישקענ ארײַנגעפירט אינ פירהויז אונ אים אָנגעגאָסנ א פולע גלאָז בראָנפנ. פונ דרויסנ האָט זיך שוינ געהערט א ביטערע קוויטשערײַ פונעם כאזער. אינ א ווײַלע ארום האָט דער הינקענדיקער שוינ געטראָגנ שטיקלעך אונ געוואָרפנ אינ א בראָט־פּאַנ. מוישקע האָט זיך אומגעדרייט אינ פירהויז בא דער ברענענדיקער פּליטע. „צי זאָל ער שוינ באַלד זיך אומקערנ קיינ קאַלי־נאָווקע? צי זאָל ער נאָך ווארטנ, עפּשער נאָך עפּעס דערוויסנ זיך?..״

אינ געדאַנק זעט ער שוינ, ווי ער קומט צום קאָמאַנדיר, אוודייענקאָ דריקט צונויפּ די ברעמענ, אזויווי שטענדיק, ווענ ער הערט אויס א וויכטיקע מיטיילונג, אונ באַלד ווערט א טומל. דער קאָמאַנדיר גיט אָפּ א באַפעל: — פּארטיזאַנער, אפ די פערד! — אונ ער, מוישקע, פליט מיטנ קאָמאַנדיר פאָרויס...

ווי ער טראַכט אזוי, פאָרט צו צום שטיבל א מאָדנער שליטנ: א פאַר־מאַכטע קארעטע אָנ רעדער, ארופגעשטעלט אפ א הויכנ געשטעל פונ א שליטנ, צוויי פערד, ווי די לייבנ. דער אָנטרײַבער איז גלײַך ארײַנ אינ פירהויז. עס האָט אים פארשמעקט, ווי־זט אויס, דאָס געבראָטנס. ער האָט זיך גוטברודעריש איבערגעקוקט מיטנ הינקענדיקנ, האָט אים יענער ארויסגע־שלעפּט א שטיק רוי פלייש, דער אָנטרײַבער האָט זיך געבריט אונ גע־שלונגענ. פונ זייערע עטלעכע ווערטער האָט מוישע געכאַפּט, אז דער אטאמאנ וועט באַלד צופאָרנ קיינ מאַזינקע. „דער וועג אהינ ליגט דאָך דורכ קאַלינאָווקע״ — האָט מוישקע א טראַכט געטאָנ.

דער הינקענדיקער האָט דערווײַל צוגעגרייט געפּרעגלטע סאלע מיט ציבעלעס, ער טראָגט עס אין צימער, און מוישקע זעט דורך דער אָפֿנגעבליבענער טיר: דער אטאמאן בײַסט האסטיק צו, גיסט אין זיך פֿון א גרויסער גלאָז. אָט האָט ער זיך א הייב געטאָן, א צווייטער באנדיט האָט גיך פֿארוויקלט אין טישטעך אלץ, וואָס ס'איז געבליבן, גענומען דעם שטאָף בראָנפֿן, אפגיך האָבן זיי ארופגעכאפּט די פּעלצן — און ארויס. די אויגן באַם אטאמאן זײַנען פֿארגלעזערט, דער טראָט — שווער, ער האלט זיך קוים אף די פֿיס. ער האָט א וואָרף געטאָן א פֿרײַלעכן בליק אף מוישקען:

— ביסט נאָך דאָ?

דער אטאמאן האָט צו אים א ווונק געטאָן, ער זאָל זיך ארופכאפּן אף דער קעלניע. מוישקע איז פֿלינק ארופגעקראָכן צום טויט-שיקערן אָנטרײַבער. דער אטאמאן איז ארײַן אין דער קארעטע, זײַן באגלייטער מיטן שטאָף בראָנפֿן — נאָך אים. דער אָנטרײַבער, אן עלטערער מיט אראָפּגעהאנגענע באקן און מיט לאנגע וואָנצעס, איז קוים אײַנגעזעסן, זיך געוויגט היו און הער, אָט-אָט גליטשט ער זיך אראָפּ — ווען די פֿערד האָבן זיך א ריס געטאָן און זיך צעיאָגט.

דער פֿראָסט האָט אנטקעגן נאכט זיך געשטארקט, א ווינט האָט זיך צעהוליעט, אופגעריסן דעם דריבנעם שניי און אים געווירבלט אין דער לופֿט, ס'האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען. די פֿערד זײַנען געפֿלויגן איבערן אײַנגעפֿראָרענעם וועג. פֿון מאָל צו מאָל האָט זיך פֿון אינעווייניק קארעטע דערהערט עפּעס א פֿארדומפּענער מרוק מיט א שיקער געלעכטערל. ווײַזט אויס, דאָס פּאָרל מיטן שטאָף בראָנפֿן האָט דאָרט געשמאק געהוליעט אין דער ווארעם.

דער וועג איז געלאָפֿן ארוף און אראָפּ. פֿאזע דעם וועג האָבן זיך געצויגן טיפֿע גריבער, באהאלטענע, פֿארשאָטענע מיט שניי. דער אָנטרײַבער האָט אלע ווײַלע ארויסגענומען א גרויסן פֿלאש און א צי געטאָן, זיך געשאָקלט, ווי א ווערבע אפֿן ווינט.

אָט זעט מען שוין קאָלינאָווקע. דאָ, טראכט מוישקע, וועט ער אראָפּשפּרינגען, וועט אויסווארטן, דער שליטן זאָל פֿארשווונדן, און זיך פֿארנעמען גלײַך צום שטעטל.

— דיאדיענקא, — בעט ער דעם אָנטרײַבער, — א, דיאדיענקא! איר וועט אָפּהאלטן אביסל די פֿערד.

דער אָנטרײַבער שטומט.

— דיאַדיענקאַ, איך דאַרף אַראָפּ אין קאַלינאָווקע.

— שפּרינג, — האָט דער באַנדיט אַ מרוקע געטאָן אָפּ אים.

און די פּערד פֿליִען אָפּן סאַמע ראַנד וועג. אַזוי שפּרינגען קאָן מען אַרײַן אין אַ גרוב, אַז מע זאָל שוין פֿאַרשפּאָרן אַרויס.

— לאָזט מיך, — בעט זיך מוישקע, — איך וועל שפּרינגען פֿון יענער זײַט.

— ניין, נאָר פֿונדאַנען, כע־כע־כע! — הירזשעט ער דריבנע. — נו, שפּרינג! — און מיט רעציכע: — פּאַרוואָס ביסטו ניט באַ אונדז? אַזאַ באָ־כער אַן אײַזן! פֿון אײַערע קאַלינאָווקער איז קיינער ניט געקומען. ליגן אָפּ די הרובעס און וואַרעמען זיך... שפּרינג! אַ פֿינצטער יאָר!

וואָס טוט מען? קאַלינאָווקע זײַנען זיי שוין דורכגעפֿלויגן, באַלד איז שוין מאַזינקע, און דאָרט קען מען אים, מוישקען. ער פֿלעג טראָגן דעם טאַטן עסן אין וואַלד. און דער אָנטרײַבער ציט פֿונעם פֿלעשל און וואָרטשעט:

— אָט באַלד וועל איך אים אָפּשטעלן די פּערד!..

און פֿון קאַרעטע טראָגט זיך אַ הילכיקער, שיקערער געזאַנג. און דער אָנטרײַבער וויל טרעפֿן מיטן פֿלאַש אין פּיסק און קאָן ניט, שפּאַרט ער זיך אָן מיטן אַקסל אין מוישקען, כאַפּט אַרײַן די פֿלאַש און זויגט. באַ מוישקען אין מויער האָט אופֿגעבליצט אַ געדאַנק. מיט דער גאַנצער קראַפֿט האָט ער פֿלוצעם אַ שטויס געטאָן דעם אָנטרײַבער, אַז יענער האָט זיך איבערגעקערט און איז אַראָפּגעפֿאַלן. די פּערד האָבן זיך דער־שראָקן און נאָך האַסטיקער אַ ריס געטאָן. מוישקע האָט אַ כאַפּ געטאָן די לייצעס, אַ צי געטאָן לינקס. פֿון דער קאַרעטע האָט זיך געריסן אַ ווילדער געזאַנג. אָט זײַנען די פּערד אַרויס אָפּן שליאַך, וואָס פֿירט אין שטעטל. זיי פֿליִען באַרג אַראָפּ, דער שליטן ווערט שיר ניט צעשפּרונגען. מוישקע זעט נאָר פֿאַר זיך די סלופּעס באַם זײַט וועג. דאָס האַרץ באַ אים פֿלאַטערט. ווו איז ער איצט? אָט איז שוין די ווינטמיל, באַלד איז ער צווישן אייגענע. הינטער׳ן בעסוילעם געפֿינט זיך דאָך זייער זאַסטאַווע. בלויז איין קילאָמעטער איז נאָך געבליבן. ווען אים זאָל געלונגען דעם דאָזיקן איינעם קילאָמעטער...

„וואָס קייקלט זיך דאָט איבערן סטעפּ? וואָס באַוועגט זיך דאָרט האַסטיק?"

„א מענטש!"
„אונדזער וואכ?"
דער מענטש לויפט צום וועג, ער ווארפט פונ זיכ אראָפּ דעם פּעלץ, ער זאָל קאָנענ לויפנ גיכער. נאָר די פערד וועלנ אימ באַלד, דאכט זיכ, איבעריאָגנ. מוישקע וויל אָפּהאלטנ די פערד, נאָר זיי פאָלגנ אימ ניט. דער מענטש האָט זיכ אָפּגעשטעלט. ס'האָט זיכ דערהערט א שאָס. אונ מיטאמאָל — פונ עטלעכע זייַטנ לויפנ מענטשנ. „די זאסטאווע"! מוישקע האלט אייַנ מיט אלע קויכעס די לייצעס, נאָר די פערד טראָגנ זיכ גלייַכ אפ די אויסגעשטרעקטע ביקסנ. ס'האָט זיכ דערהערט נאָכ א שאָס. איינ פערד ליגט שוינ. דער אטאמאנ איז ארויסגעשפּרונגענ א צעטומלטער אונ איז ארייַנגעפאלנ גלייַכ אינ א קרייַז אָנגעצילטע ביקסנ.
מוישקענ האָט פארכאפּט דער אָטעמ. ער האָט זיכ אָבער באלד באַ־הערשט, איז אראָפּגעשפּרונגענ פונ קעלניע, צוגעגאנגענ צומ אטאמאנ אונ מיט א שמייכעלע זיכ פארנויגט:
— פּאנ אטאמאנ, ביטע, מ'ר זייַנענ שוינ געקומענ!

# האס

פּימקע האָט געלערנט אין שול אײנײנעם מיט גרישען. גײדע — שי־לער פון צווייטן קלאַס. פּימקעס טאַטע שמועל האָט געאַרבעט אין א וואלד. ער האָט געצויגן פון זיך די קליי, אבי דאָס יינגל זײַנס זאָל זיך לערנען אין שול. אין שטוב האָט מען געציילט דעם ביסן אין מויל און געצאָלט סכאַרלימעד. געמאַכט פּימקען א פאָרמענע קאָסטיומל, א געוואַנטן פאַלטעלע, ער זאָל גיין אָנגעטאָן ווי אַלע יינגלעך. פּימקע האָט געוווּסט, ווי דעם טאַטן קומט אָן שווער אים צו האַלטן אין שול, און ער האָט זיך געלערנט פלײַסיק. ער איז געווען א פײַיקער, יעדער זאַך האָט זיך אים אײַנגעגעבן גרינג. נאָר מער פון אַלץ האָט ער ליב גע־האַט מאַטעמאַטיק. פּימקע פלעג אַמאָל העלפן גרישען לייזן אן אויפגאַ־בע. גרישע איז געפעלן, וויאַזוי פּימקע דערקלערט. ער זאָגט אים קיינ־מאָל ניט אויס גלײַך, ער פירט אים אַרום אַף א וועג, ער זאָל אַליין געפינען דעם שליסל צו דער אויפגאַבע. אַזוי פאַרגעדענקט זיך אים בע־סער. גרישע האָט אים אַמאָל אָנגעבאָטן געלט, נאָר פּימקע האָט זיך אָפּ־געזאָגט.

— מע דאַרף נישט!

דער וואַלד, וווּ פּימקעס טאַטע האָט געאַרבעט, איז געווען נאָענט צום שטעטל. פּימקעס טאַטע פלעג אָפט קומען די נאַכט פאַרן רו־טאָג אַהיים. ער פלעג פאַרברענגען ביז שפּעט מיט פּימקען, אים אויספרעגן, וויאַזוי ער לערנט, איבערקוקן די העפטן און האַנאָע האָבן, וואָס דאָס יינגל זײַנס לערנט אַזוי גוט. און אַף מאָרגן אינאָוונט — צוריק אין וואַלד אַרײַן.

איינמאָל, אין אַזאַ נאַכט, ווען בא שמועלן איז מען נאָך ניט גע־שלאָפן, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. אין שטוב איז אַרײַן פּאָליציי. מע

האָט איבערגעקערט די גאַנצע שטוב, צעוואָרפֿן, צעבראָכן, דערנאָך גע־הייסן שמועלן זיך אָנטאָן, און באַם אַוועקגיין מיטגענומען מיט זיך אַ פּעקל ביכער און פּאַפּירן. פֿאַרן אַרויסגיין, ווען שמועל איז שוין גע־שטאַנען באַ דער טיר, האָט ער געבעטן:

— דערלויבט מיר זיך געזעגענען מיט דער פֿאַמיליע.

ער איז אַרײַן צוריק אין אַלקער, זיך געזעגנט מיט דער פֿרוי, בײַס־מײַסע אַרויסגעזײַט פֿון צווישן די ציין:

— דערציי̆ל דעם ייִנגל, פֿאַרוואָס מע האָט מיך גענומען.

לאַנג האָבן דערנאָך אָפּגעקלונגען אין פּימקעס און דער מאַמעס דער־שראָקענע הערצער הילכיקע, זיך אַלץ דערוועטערנדיקע טריט פֿון שווע־רע פּאָליציייִשע שטיוול. די מאַמע האָט זיך צעכליפּעט, דערנאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן איבער פּימקעס בעטל און שטיל דערציילט דעם קינד, ווער זײַן טאַטע איז, וואָס ער וויל און פֿאַרוואָס די פּאָליציי האָט אים גענומען. דעמאָלט האָט זיך פּימקע דערוווּסט, אַז זײַן טאַטע איז אַ קאָ־מוניסט.

פּימקע איז שוין מער אין שול ניט געגאַנגען. עס האָבן זיך אָנגע־הויבן פֿאַר אים ביטערע טעג. די מאַמע האָט פֿאַרקויפֿט פֿון שטוב, וואָס עס איז געווען, און אויף דעם געלט האָט מען געלעבט. פּימקע איז גע־וואָרן אויסגעדײַוועט, אָפּגעריסן, ער האָט זיך איצט געשעמט זיך ווײַזן צווישן זײַנע פֿריִערדיקע כאַווײרים. שאָענלאַנג פֿלעג ער ליגן אויפֿן דאַך פֿון זייער שטאַל, פֿונוואַנען מע זעט אַרויס די שול, און קוקן, ווי די ייִנגלעך גייען אַרויס אויפֿן איבעררײַס, שטיפֿן פֿריילעך און אײַלן זיך נאָכן גלעקל צוריק אין שול אַרײַן. און דאָס האַרץ פֿלעג אים פֿאַרלויפֿן מיט בלוט.

איינמאָל, גייענדיק אין גאַס, האָט ער באַגעגנט גרישען. ביידע ייִנג־לעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן. פּימקע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ צעריסן העמדל און אינעם טאַטנס אַן אָפּגעריבענעם קאַרטוז; זײַן געוואַנטן רעקל האָט די מאַמע פֿאַרקויפֿט.

— קום צו גיין, — האָט זיך אָפּגערופֿן גרישע, — איך וועל דיר געבן אַן אויפֿגעבער, דו האָסט דאָך ליב לייזן אויפֿגאַבעס.

ביידע ייִנגלעך זײַנען אַוועק אין פֿאַרשיידענע זײַטן.

א גאַנצן טאָג האָט פּימקע געטראַכט: ער וועט ניט גיין צום שניט־קרעמערס יינגל בעטן דעם אופגעבער. ער וועט בעסער פאַרקויפן זײַנע צוויי טײַבעלעך און זיך קויפן אַן אופגעבער. נאָר פאַרנאַכט האָט אים מיט אַזאַ נײַגער אַ ציִ געטאָן צום ביכל, אַז ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז אַוועק צו גרישען.

דעם שניטקרעמערס שטוב איז אַ גרויסע, געבויט פון ברייטע קלעצער. זי שטייט אָפּ אַ הויכן שטיינערנעם פונדאַמענט.

אין אַלע פענצטער איז געווען ליכטיק. די פאָרהענגלעך האָבן זיך געוויגט פון דעם פאַרנאַכטיקן ווינט. פּימקע האָט זיך אַרומגעדרייט פון דערווײַטנס, ביז אין איין צימער האָט ער דערקענט גרישעס שאָטן, איז ער צוגעגאַנגען ניט דרייסט, זיך אַרופגעשטעלט אָפּן פונדאַמענט און אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין פענצטער.

— גרישע.

אין צימער באַם ראָיאַל איז געזעסן גרישעס שוועסטער. גרישע האָט האַסטיק אַ נעם געטאָן דעם אופגעבער און דערלאַנגט פּימקען. אין דער מינוט איז אַרײַנגעקומען גרישעס מאַמע, אַ נידעריקע, אַ פולע ייִדענע מיט אַ הויכן שפּיצעכיקן קופּליק.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ייִנגל? — האָט זי דורכגעשטאָכן פּימקען מיט אירע בייזע אויגן, — גיי דיר געזונטערהייט. מיט אַלע שלעפּערישע ייִנגלעך כאַווערט זיך עס.

— דאָ איז געלעגן דאָס זייגערל, אָפּן טישל לעבן פענצטער, — איז אופגעשפּרונגען נינאַ, גרישעס שוועסטער.

פּימקע איז שוין געווען ווײַט פון פענצטער. די מאַמע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טישל.

— וויי איז מיר, וווּ איז דאָס זייגערל?

איר פּאָנעם איז פאַרלאָפן מיט רעציכע, זי איז אַרויסגעפלויגן אינדרויסן:

— כאַפּט אים! אַ גאַנעוו! פּאָליציי! אַ גאַנעוו!

ס'האָט זיך דערהערט אַ יאָגעניש, אַ פײַפערײַ.

גרישע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענצטער, פאַרטשעפּעט דאָס טישטעכל און האָט דערהערט אַ דינעם קלונג פון צעבראָכענעם גלאָז. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס זייגערל פון דיל, זיך צוגעהערט — עס גייט.

— מאמע! מאמע! — האָט ער געשריגן אין פענצטער, — דאָס זייגערל איז דאָ.

נאָר קיינער האָט אים ניט געהערט.

פונדרויסן האָבן זיך געטראָגן קוילעס, א ביטער קינדערש געוויין. גרישע איז ארויס אינדרויסן, לעבן ראָג איז געווען אן אָנגעלויף. עמע־צער האָט געהאלטן פימקען פארן קאָלנער. די מאמע האָט גענישטערט אין די קעשענעס.

— גיב אָפּ! — האָט זי אים דערלאנגט א סטוסאק.

גרישע האָט זי א שלעפּ געטאָן פארן הארבל.

— הער אויף, מאמע.

— אוועק! אין שטוב ארײַן גיי! — און צום אוילעם: — ער האָט בא־וויזן ארויסצווווארפן עס.

„וואָס טוט מען — האָט גרישע געטראכט. — מע וועט אים דאָ, פימ־קען, צעמאזיקן".

— ס'איז דאָ דאָס זייגערל, מאמע, — האָט ער א געשריי געטאָן.

— ווו איז עס געווען?

אלע האָבן זיך א קער געטאָן צו גרישען.

— אָן דאָרטן , אינדרויסן, הינטערן פענצטער, — האָט ער געענט־פערט. — דאָס גלעזל צעבראָכן.

— אונטערגעוואָרפן, דער גאנעפעצ! — האָט די מאמע א שטויס גע־טאָן פימקען פון זיך. — אז פארכאפּט זאָלסטו ווערן קליינערהייט.

זי האָט גענומען גרישען פאר דער האנט און איז מיט גיכע טריט אוועק אין שטוב.

— און איך גלייב ניט, — האָט זי דערהערט נאָך זיך ליפּע דעם בלע־כערס קאָל, — אן אויסגעטראכטע מײַסע!

— זיך אָנגעכאפּט אין אן אָרעמ ייִנגל, — האָט א ווײַבערשער קוויטש אונטערגעהאלטן.

אז די מאמע איז ארײַן אין שטוב, איז זי נאָך אלץ געווען רויט און פארסאפּעט. גרישע איז געווען בלייך.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפרעגט.

— דאָס זייגערל איז געלעגן דאָ, אונטערן טישטעכ, — האָט גרישע געענטפערט.

— נישקאָשע, דער רועכ וועט אימ ניט נעמענ, — האָט די קרעמערקע נאָכ אַלץ געפּלאַמט, — אזא דערשרעקן ! — אונ צו נינענ: — ווייסט, ווּעמעס יינגל ס'איז? דאָס איז דאָכ שמועל דעמ וואַלדניקס. דעמ טאַטנ זייַנעמ האָט מענ צוגענומענ. אז מיט יעדנ שלאַק כאַווערט זיכ עס !..

---

א צעשלאָגענער, א פארשעמטער, מיט איבערגעקערטע קעשענעס אונ מיט א צעכראַסטעטנ בוזעמ איז פּימקע געגאַנגענ אהיימ. ער האָט שטיל געכליפּעט. זיי האָבנ געפונענ דאָס זייגערל אינ שטוב, — האָט ער גע־טראַכט, — אַניט וואָלטנ זיי אימ אזוי ניט אָפּגעלאָזט. אונ גרישע, זייַנ כאַ־ווער, — ער איז געשטאַנענ אונ געקוקט, ווי מע האָט געזוכט בא אימ אינ די קעשענעס אונ ווי מע האָט אימ געשלאָגנ אונ האָט נאָכ אויס־געטראַכט, אז דאָס זייגערל האָט מענ געפונענ אינדרויסנ... אונ א גרוי־סער האַס צו גרישענ האָט זיכ אָנגעצונדנ בא פּימקענ אינ האַרצנ. פּלו־צעמ האָט ער זיכ געכאַפּט, אז בא אימ אונטערנ פּאַסיקל שטעקט דער אופגעבער. ער האָט אימ א ריס געטונ מיט כאַס אונ זיכ א לאָז געטאָנ צוריק צומ שניטקרעמערס שטוב.

---

באַמ שניטקרעמער אינ שטוב האָט מענ שוינ אינ דער גאַנצער מייַסע פארגעסנ. מע איז געזעסנ ארומ טיש אונ געמיטלעכ געטרונקענ קאַפּע מיט פּוטער־בולקע. פּלוצעמ איז עפּעס אריַינגעפלויגנ דורכנ פענצטער, צעבראָכנ צוויי גלעזער אונ דערשראָקנ אַלעמענ אפּ טויט — דאָס איז געווענ דער אופגעבער, וואָס פּימקע האָט ווי א שטיק פונ זייַנ האַס גע־וואָרפנ דעמ קרעמער אונ זייַנ זינדל.

# דער קליינער פּאַרטיזאַן

יוליק האָט געוווינט אײנער אַליין מיטן טאַטן. איינמאָל, אין אַ קאַלטן פאַרטאָג, ווען יוליק איז נאָך געשלאָפן, האָט ער דערפילט אַ האַנט אַף זײַן אַקסל. אופגעעפנט די אויגן, האָט ער דערזען דעם טאַטן. דער טאַטע האָט אים צוגעדריקט צו זיך.

— איך גיי אַוועק, — און ער האָט יוליקן ווידער געטוליעט צו זיך: — גיי צו דער באָבען. וואָס וועסטו דאָ טון אײנער אַליין אין שטוב? — און דער טאַטע איז אַוועק.

יוליק האָט געוווּסט, וווּהין דער טאַטע איז אַוועק. נאָך מיט עטלעכע טעג פריִער האָט דער טאַטע מיט אים גערעדט וועגן די פּאַרטיזאַנער, ווי מע רעדט מיט אַ גרויסן. יוליק איז אופגעשטאַנען, אַרופגעקראָכן אַפן בוידעם זיך געזעגענען מיט זײַנע טײַבעלעך, ער האָט אופגעעפנט דאָס טירל פונעם טויבנשלאַק, די טײַבעלעך זאָלן קאָנען אַרויספליִען זוכן עסן. ווער ווייסט ווען אָפּ זיי דאָ אַכטונג געבן...

ער האָט געוואָלט אַ גלעט טון דאָס ווײַס-שוואַרצע טײַבעלע, האָבן זיך די טײַבעלעך דערשראָקן און אַרויסגעפּראַלט אינדרויסן, און בײַ יוליקן זײַנען די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן, אַז ער האָט קוים געזען ווי אַראָפּצוגיין פון בוידעם.

יוליקס באָבע איז אַ קעכן אין אַ גווירישער שטוב. דעם ערשטן טאָג, ווען די באַלעבאָסטע האָט דערזען יוליקן אין קיך לעבן דער באָבע, האָט זי פאַרפּרעסט די ליפּן און אַזאַ מין קוק געטאָן, אַז דער באָבעס איז דאָס האַרץ שיִר ניט אײַנגעפאַלן. זי האָט געשטאַמלט:

— מײַן אייניקל... אַ יאָסעם, נעבעך... איך וועל אים אָפּגעבן אין אַ פריִוט... מע זאָגט מיר צו... דערווײַל אָבער...

יוליקן איז געוואָרן אַ ראַכמאָנעס אַף דער באָבען.

— באבעניו, איכ וועל אוועקגיין, — האָט ער זיכ אָפּגערופנ אונ איז ארויס אינדרויסנ. נאָר וווהינ צו גיינ האָט ער ניט געהאַט, האָט ער זיכ אומגעדרייט איבערנ הויף. שפּעטער האָט אימ די באבע ארויסגעטראָגנ עפּעס עסנ. יוליק האָט ניט געוואָלט נעמענ. „זי גיט אימ אָפּ איר כיילעק, — האָט ער געטראכט. — זי וועט אלייג זײַנ הונגעריק".

באנאכט האָט די באבע שטילערהייט אויסגעבעט יוליקנ אינ שטאַל אפנ בוידעמל.

ביסלעכוויַיז האָט מענ זיכ אינ דער גווירישער שטוב מיט יוליקנ אָנגעהויבנ צו שאפנ. דער שיקט אימ א גאנג, דער גיט אימ אָפּוצנ די שיכ. יוליק איז איצט אָפט אינ קאָרידאָר, ער קוקט זיכ צו צו די באלע־באטימ — זיי זײַנענ דרײַ מענטשנ: א טאטע, א מאמע אונ א טאָכטער. וואָס טוענ זיי מיט אזויפיל גרויסע צימערנ?.. אינ איינ צימער האָט מענ ארײַנגעלאָזט אנ אָפּיצער. א גראמאָפאָנ שפּילט, אונ דער אָפּיצער טאנצט מיט דער טאָכטער.

אינדרויסנ איז שוינ גוט קאלט. די באבע האָט אימ אָפּגעגעבנ איר אויסגעריבענעמ זשאקעט, פארצויגנ מיט א שטריקל, עס זאָל אימ זײַנ ווארעמער. ער זיצט גאנצע שאָענ אפ די קלעצער אונ קוקט אפנ לוי־טערנ הימל. דאָרט פליִענ אומ טײַבעלעכ. זײַנע טײַבעלעכ, — דערמאנט זיכ יוליק, — האָט שוינ געקערט א קאצ אופעסנ, אז דאָס טירל איז גע־בליבנ אָפּנ, אָדער עמעצער האָט זיי שוינ פארנארט, זײַנע הונגעריקע טײַבעלעכ.

אנטקעגנ, פארבײַ דעמ אָפּענעמ טויער, גייענ דורכ קינדער מיט רענ־צעלעכ אפ די פּלייצעס. דאָס גייענ זיי אינ שול. יוליקנ טוט יעדעס מאָל א קלעמ באמ הארצנ. ער וואָלט אויכ געלערנט אינ שול, ווענ די באָלשעוויקעס זאָלנ דאָ זײַנ.

אינ הויף האלט מענ אינ איינ פירנ קלעצער, ברעטער. דער באלע־באָס האנדלט מיט געהילצ. אינדרויסנ איז נאס, דער וועג — א שלעכ־טער, בלײַבנ אָפט די פויערימ שטיינ, די פערד זאָלנ אביסל אָפּרוענ. איינמאָל האָט יוליק געהערט, ווי אנ עלטערער פויער האָט דערציילט, אז ארומ רעשעטילאָווקער וועלדער שלאָגט מענ זיכ שוינ דרײַ טעג — די פּארטיזאנער מיט די ווײַסע. בא יוליקנ האָט אזוי שטארק אָנגעהויבנ קלאפּנ דאָס הארצ, אז עס האָט זיכ אימ אויסגעדוכט, אז די מענטשנ

לעבן אים הערן עס. זײַן טאטע איז דאָך אין רעשעטילאָווקער וואלד. ניט לאנג איז צו דער באבע געקומען אן עלטערע פרוי, אירער א זון האָט געבראכט א גרוס פון דאָרט...

באנאכט האָט יוליק געהערט ווײַטע קלעפּ־אָפּהילכן. — מיסטאמע פון די רעשעטילאָווקער וועלדער, — האָט ער זיך געטראכט. ער האָט זיך צוגעהערט צו די קלעפּ און לאנג ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. נאכט נאָך נאכט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז די קלעפּ ווערן נעענטער. אָפט איז ער געווען זיכער, אז מאָרגן, ווען ער וועט אופשטיין וועט ער טרעפן די פארטיזאנער אין שטאָט. נאָר אלץ איז געגאנגען, ווי געווען. דער אָפי־צער האָט געטאנצט מיט דער באלעבאָסטעס טאָכטער, די באבע האָט פאר זיי געשטעלט דעם סאמאָוואר, און ער, יוליק, האָט איר געהאָלפן אָנהאקן קוילן.

איינמאָל האָט זיך יוליק אופגעכאפּט פון שלאָף. די הינט האָבן אומרויִק געבילט. דער ווינט האָט ערגעץ געפּאטשט מיט א שטיק בלעך. דורכן בוי־דעם־פענצטערל האָט ארײַנגעקוקט א דערשראָקענע לעוואָנע. יוליק איז צוגעגאנגען צום שפּאלט אינעם שינדל־דאך און זיך אײַנגעקוקט. מיטאמאָל האָט ער דערזען, ווי דרײַ מענטשן קריכן פּאָרזיכטיק אריבער איבערן פלויט און פארשטעקן זיך הינטער די קלעצער. יוליק האָט געוואַרט מיט א פארכאפּטן אָטעם. די מענטשן זײַנען פון דאָרט ניט ארויס. ווער זײַנען זיי? ער איז אראָפּ פון בוידעם און מיט הארץ־קלאפּעניש געגאנגען אהין א קוק טון. די דרײַ מענטשן זײַנען געזעסן אין א ווינקל, איינער האָט אנטקעגן אים געהאלטן א ביקס. יוליק האָט א פרעג געטאָן:

— איר זײַט א פארטיזאנער?

איינער א הויכער, אין א שאָפּן־היטל, האָט אים א ווונק געטאָן, ער זאָל צוגיין נעענטער.

— מײַן טאטע... — האָט יוליק געוואָלט דערציילן און זיך ניט אײַנגע־שטעלט.

— וואָס דײַן טאטע? וויאזוי הייסט ער? — האָט איינער געפרעגט. — זאָג, האָב קיין מוירע ניט.

יוליק האָט געזאָגט.

די פארטיזאנער האָבן זיך איבערגעקוקט.

— אלע פארטיזאנער זײַנען שוין דאָ? — האָט יוליק געפרעגט.

די פּאַרטיזאַנער האָבּן געשמייכלט.

יוליק האָט דערזען, אַז דער הויכער אין שאָפּן־היטל גייט בּאָרוועס. יוליק האָט זיך דערמאַנט: ער האָט אָפּגעפּוצט דעם אָפּיצערס שטיוול און זיי געלאָזט שטיין הינטער דער טיר אין קאָרידאָר.

— וואַרט אויס, איך קום בּאַלד צוריק, — האָט יוליק געזאָגט און זיך געריקט צו דער שטוב. ער האָט געציטערט פון שרעק פאַר דעם, וואָס ער האָט געוואָלט טון. ער איז אַריַין אין קיך און געוואָלט די בּאָבּע אויפ־וועקן, נאָר בּאַלד זיך אָפּגערוקט און אָפּ די שפּיץ פינגער אַריַין אין קאָרידאָר. ער האָט אַ נעם געטאָן די שטיוול און איז מיט זיי אַרויס, זיי אַ לייג געטאָן הינטערן גאַנעק און אַריַין צוריק.

— בּאַבּעניו, — האָט ער איר אינעם אויער געשושקעט, — בּאַבּעניו, — און זי אַרומגענומען, — פּאַרטיזאַנער זיַינען אין שטאָט, דער טאַטע מיסטאָמע אויך.

די בּאָבּע האָט דערוואַכט און אַ צעטראָגענע אים געטוליעט צו זיך. יוליק איז אַרויס.

דער בּאָרוועסער פּאַרטיזאַן האָט אַרופגעצויגן די שטיוול.

— דו ווייסט, ווו בּעלענקיס הויז איז? — האָט ער אַ פרעג געטאָן יוליקן — אויב דו ווייסט — פיר, אָבּער ניט מיט דער גאַס.

יוליק האָט זיי געפירט דורך הינטער־הויפן. צוריק צו דער בּאָבּען וועט ער זיך שוין ניט אומקערן, — האָט יוליק געטראַכט, — מע וועט אים פאַר די שטיוול דערהאַרגענען. און וואָס וועט זיַין מיט דער בּאָבּען...

און אָט איז מען שוין אין בּעלענקיס הויף. איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ נידעריקן פענצטערל. עס איז אַרויס אַ מענטש אין אַ פּעלץ. די פּאַרטיזאַנער האָבּן מיט אים עפּעס אינדערשטיל איבּערגערעדט און דער מענטש האָט זיי אַראָפּגעפירט אין אַ טיפן קעלער. יוליק איז אויך מיטגעגאַנגען. אין קעלער האָבּן זיי אָפּגעוואָרפן די אָנגעוואַלגערטע שטוב־זאַכן און די שטיקער האָלץ. מע האָט דאָס געטאָן שטיל, פאָרזיכטיק, קיין שאָרך זאָל זיך ניט הערן. יוליק האָט געהאָלפן. אָט איז שוין דער צעמענ־טענער דיל. מע האָט אים אופגעהויבּן מיט אַ בּרעכ־איַיזן. איצט האָט מען זיך גענומען גראָבּן די ערד. עס האָט געדויערט אַבּיסל, בּיז מע איז צוגע־קומען צו צוויי גרויסע פּעק. ווען מע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיי די שמאַ־טעס, האָט יוליק דערזען צוויי בּלאַנקענדיקע קוילנוואַרפערס. וויַיטער

אביסל איז ווינקל האָט מען אופגעפענט א גרוב מיט קעסטלעך. יוליק האָט געהאָלפן ארויסנעמען די קעסטלעך. אים האָט זיך זייער געוואָלט וויסן, וואָס אין זיי געפינט זיך. נאָר ער האָט ניט געפרעגט.

פלוצעם האָט אויסגעבראָכן אין שטאָט א ביקסן־שיסעריי. די פארטיזא־נער האָבן גיך ארויסגעפירט די קוילנווארפערס און זיי אוועקגעשטעלט אפ דער גאס. איצט האָט יוליק געזען, אז אין די קעסטלעך ליגן לאנגע לענ־טעס, אָנגעשטעקט מיט קוילן. ער איז געלאָפן אין קעלער און איז צוריק־געקומען מיט אלץ נייע און נייע קעסטלעך. ווען די שיסעריי האָט אפ א ווײַלע אופגעהערט, האָבן זיך דערטראָגן הורא־געשרייען. פלוצעם האָט מען דערזען, ווי פון דער אנטקעגנדיקער גאס פליִען אהער רײַטער. דאָס זײַנען געווען די ווײַסע. די פארטיזאנער האָבן געעפנט א פײַער פון די קוילנווארפערס, און מיטאמאָל האָט פון אלע זײַטן, פון די ארומיקע דעכער, פון די בוידעמער אויסגעבראָכן א גוואלדיקע שיסעריי. די רײַטער זײַנען אָפּגעטראָטן, אָבער באלד זיך ווידעראמאָל געוואָרפן אין אטאקע. פון דער וואָקזאל־זײַט האָבן אָנגעהויבן פראלן הארמאטן. די סנאריאדן האָבן זיך געריסן גאָר נאָענט. און יוליק האָט ניט אופגעהערט לויפן פון גאס אין קעלער ארײַן נאָך קוילן.

פון צווישן די נידעריקע וואָלקנס האָט זיך דורכגעשלאָגן א בלייכע שײַן. עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. די פײַנטלעכע רײַטער האָט מען שוין ניט געזען. די פארטיזאנער האָבן אָפּגעשטעלט די שיסעריי. פון ערגעץ איז אָנגעלאָפן אפ א צעהיצטן פערד דער קאָמאנדיר, ער האָט זיך אריבערגע־בויגן צו די פארטיזאנער, עפּעס געזאָגט און איז אוועק.

באלד האָט זיך דערהערט א טרומייט, און פון אלע הויפן, פון די דעכער, פון די בוידעמער האָבן זיך גענומען זאמלען פארטיזאנער, צווישן זיי — פארוווּנדעטע, צעבלוטיקטע, נאָר אלע מיט געווער. פלוצעם האָט יוליק דערזען דעם טאטן זײַנעם.

— טאטע! — האָט ער א געשריי געטאָן.

דער טאטע האָט אים פעסט ארומגענומען.

— יוליק, מײַן יוליק, — האָט ער אים אופגעהויבן און שטארק אים גע־קושט.

— וואָס טוסטו דאָ?

יוליק האָט שטאָלץ געוויזן אפן קוילנווארפער.

— איך העלף.

— יאָ, א כוואט דײַנ זונ, — האָבנ יוליקס באקאנטע פארטיזאנער געזאָגט.

מע האָט געלאכט.

אינ דער מינוט האָט זיך דערהערט א קאָמאנדע:

— ערשטער אָטריאד, פאָרויס!

דער טאטע האָט נאָכאמאָל צוגעדריקט יוליקנ צום הארצנ אונ זיך געלאָזט גײנ. ער האָט זיך אָבער באלד אומגעקערט, איז צוגעלאָפנ צום קאָמאנדיר אונ מיט אימ עפעס איבערגערעדט. ער האָט דערנאָך א װוּנק געטאָנ צו יוליקנ, אונ דער טאטע מיטנ זונ האָבנ זיך געשטעלט אינ אײנ רײ אונ אװעקגעשפאנט מיטנ ערשטנ אָטריאד.

# א דענקמאָל

אין דער שטאָט ציגעליעוו, גלײַך ווי מע פֿאָרט אַרײַן, איבער די לײמ־גריבער, שטייט א הויכער גראַניט־שטיין — א דענקמאָל די העלדן פֿונעם בירגערקריג, וואָס זײַנען דאָ אַפֿ דעמ אָרט אומגעקומען, און צווישן די נעמען, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אַפֿן שטיין, איז פֿאַראַן א נאָמען פֿון איינעם א דרײַצניאָריקן ייִנגל, זעליק קרוימאַן. און אינעמ דערבײַיִקן שטעטל, דאָרט וווּ עס זײַנען דורכגעגאַנגען זײַנע 13 ליכטיקע קינדער־שע יאָרן, איז די שול, אין וועלכער ער האָט געלערנט, אָנגערופֿן אַפֿ זײַן נאָמען, און אין שטעטל דערציילט מען א מעשׂה...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

... עס איז געגאַנגען דאָס 1919 יאָר. אין שטעטל איז דעמלט, ווי אין אַסאַך אַנדערע שטעטלעך, געווען א זעלבסטשוץ, און אין יענער זעלבסט־שוץ האָבן זיך צונויפֿגענומען אַסאַך גווירישע זינדלעך, אַלערליי ציִעניס־טלעך און בונדאָווצעס וואָס געזאָגט האָבן זיי, אַז זיי זײַנען אויסן נאָר צו פֿאַרהיטן די שטאָט פֿון א פּאָגראָם אין דער צײַט, ווען עס בײַט זיך די מאַכט, נאָר אינדערעמעסן האָבן זיי מער פֿאַר אַלץ פֿײַנט געהאַט די באָלשעווי־קעס און מיט אַלע קויכעס געוואָלט ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן אַרײַן אין שטעטל.

אין איינעם א געוויינלעכן פֿרימאָרגן איז אין דער זעלבסטשוץ גע־קומען בענציע דער שמיד און מיט אים נאָך עטלעכע באַלמעלאָכישע יונ־גען. דעמ סאַד, פֿאַרוואָס זיי זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער זעלבסט־שוץ, האָט מען געוווּסט נאָר אין שטאַב פֿון די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט זיך געפֿונען אינעמ דערבײַיִקן פּראָניוויצער וואַלד. בענציע און זײַנע כאַוויירים זײַנען געווען פּאַרטיזאַנער, און אָפּגערעדט האָט מען אין שטאַב, אַז ביז א צײַט זאָלן זיי זיך אופּהאַלטן אין דער זעלבסטשוץ.

אין דער זעלבסטשוץ איז מען לעכאטכילע געווען צופרידן, וואָס בענציע איז געקומען. בענציע איז פיר יאָר געווען אפ דער מילכאָמע (טאקע ניט לאנג זיך אומגעקערט), ער האָט געקאָנט גוט שיסן און האָט געוווּסט, וויאַזוי זיך צו באגיין מיט א קוילנוואַרפער. בענציע איז געווען שוין ניט קיין יונגער מענטש, א טאטע פון צוויי קינדער, און אין שטעטל האָט מען אים געדענקט פאר א שטילן ארבעטער, א פאָלגער. דאָס, וואָס מיט אים איז פארלאָפן פאר די פיר יאָר מילכאָמע, האָט קיינער ניט געוווּסט. מיט דער צייַט איז בענציע טאקע געוואָרן דער עלטסטער פון דער זעלבסטשוץ. די זעלבסטשוץ האָט איַינגעשטעלט א פארבינדונג מיט די פארטיזאנער אין פראָוויצער וואלד. די פארטיזאנער האָבן זיי געגעבן ביקסן און פאטראָנעס און אפילע א קוילנוואַרפער מיט איין רעדל, וואָס בענציע אליין האָט אים פאריכט. די זעלבסטשוץ, ווידער, פלעג צושיקן אין וואלד עסנווארג, ווארעמע קליידונג. געווינלעך האָט מען אפ אראָפּכאפּן זיך אין וואלד אויסגענוצט דאָס קליינווארג — טאקע דעם זעליק און זייַנע כאוויירים. די יינגלעך האָבן געטראָגן אין וואלד אמאָל א פאקעט, אמאָל טאָרבעלעך מיט ברויט, סאלע, און איינמאָל אפילע האָבן זיי, ווי מע האָט זיי אָנגעזאָגט, פארטריבן ארן דעם צעלניקערס ראַבע טעלעצע פון דער פאשע אין וואלד, און מער האָט זי זיך שוין פון דאָרט ניט אומגעקערט.

זעליק האָט ליב געהאט זיצן און הערן, ווען באם טאטן פלעגן זיך צונויפנעמען כאוויירים. די געדיכטע ברעמען — עטוואָס אופגעהויבן, די שווארצע אויגן צעגליט. ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין וואָרט. זעליק האָט געפילט, אז דער טאטע טרויט אים אָן, דערפאר לאָזט ער אים דאָ זיצן. ער איז געווען בא זיך שטאָלץ מיט דעם, און פארן טאטן מיט די פארטיזאנער איז ער געווען גרייט צו גיין אין פייַער.

דערווייַל האָט זיך אין דער זעלבסטשוץ אָנגעהויבן א רייַסעניש. די באלעבאטישע זינדלעך האָבן געשריגן, אז בענציע מיט זייַנע גענג וועט אליין דערפירן דאָס שטעטל צו א פאָגראָם. זייערע טאטעס אין בעסמעדרעש האָבן געליארעמט: סטייַטש, וואָס שווייַגט מען, אזא שמיַדייַלע קוילעט א שטאָט. נאָכ פון אן אייגענעם אויסוואורפ לייַדן! בענציע האָט שוין אָבער געהאלטן די זעלבסטשוץ פעסט אין זייַנע הענט, ער האָט געהאט געהיימע צייכנס, וויאַזוי צונויפצונעמען זייַנע מענטשן, ווען

עס איז נייטיק געווענ. אַז פייַוול דעמ קלעזמערס פלעג אָנהייבנ שפּילנ א פריילעכס אפ זייַנ קלאַרנעט, האָבנ כעוורע געוווּסט, אַז עפּעס איז געשענ, מע דאַרפ זיכ צונויפנעמענ אפנ אָפּגערעדטנ אָרט — הינטער דער באָד, באמ טייַכ. אונ נאָכ אַנדערע אַזוינע סימאָנימ האָבנ זיי געהאַט, וואָס געוווּסט האָבנ זיי נאָר בענציע אונ זייַנע פאַרטרויטע מענטשנ.

איינמאָל, ס'איז שוינ געווענ טיפער האַרבסט אונ ס'זייַנענ נאָכ געשטאַנענ ליטערע, וואַרעמע טעג, אונ באַלמעלאָכישע יונגענ האָבנ געאַרבעט באַ אָפענע פענצטער, האָט זיכ דערהערט דאָס באַקאַנטע קלעזמערשע פריילעכס, אונ ס'האָט ניט לאַנג געדויערט, האָבנ די כעוורע זיכ צונויפגענומענ הינטער דער באָד באַמ טייַכ. אינ שטעטל זייַנענ אומגעריכט אַרייַנ צוואַנציק הייַדאַמאַקעס, זיי האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט באַ דער „אופּראַווע", צוגעבונדנ די פערד אונ אַרייַנ אינעווייניק. גלייַכ איז צו זיי געקומענ דער ראָוו, אַרנ צעלניקער אונ דער אַפּטייקער. דער ראָוו, וועלכער האָט ניט געקאָנט ריידנ קיינ אוקראַיִניש, האָט געבעטנ אַרנ דעמ צעלניקער איבערגעבנ א גרוס די ליבע געסט, אונ ווענ אַרנ האָט גערעדט, האָט דער ראָוו צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ באַ יעדער וואָרט אונ זיכ טיפ געבוקט. איינער פונ די הייַדאַמאַקעס, א הויכער מיט א געשטופּלט פּאָנעמ אונ מיט אַנ איינגעפלעטשטער פליישיקער נאָז אונ שיטערע ווייַסע ברעמענ איבער די וואַסערדיקע אויגנ, האָט דערקלערט, אַז ער איז דער עלטסטער פונעמ אָטריאַד אונ הייסנ הייסט ער קאָזאָריס, אונ געפּאָדערט האָט ער, אַז דאָס שטעטל זאָל געבנ 10 בעהיימעס אפ אָפּשיקנ אינ ציגעליעווער שטאַב, אונ אַרויסגעבנ די זעלבסטשוץ, אונ באַשטעלנ באַ א באַלעבאָסטע, וואָס קאָנ גוט קאָכנ, א וואַרעמעס פאַרנ אָטריאַד. אונ געהייסנ האָט קאָזאָריס צונויפרופנ דאָס גאַנצע שטעטל — ער דאַרפ האַלטנ א רעדע. דער שאַמעס איז אוועקגעגאַנגענ צונויפרופנ דאָס שטעטל, אונ דער ראָוו מיט אַרנ צעלניקער האָבנ זיכ גענומענ אייַצענענ, באַ ווענ אָפּנעמענ די בעהיימעס. דערנאָכ האָט אַרנ געזאָגט צומ עלטסטנ, אַז 10 בעהיימעס איז פאַרנ שטעטל צו שווער, אונ געבעטנ פאַרקלענערנ די צאָל. וועגנ דער זעלבסטשוץ האָט ער געזאָגט, אַז דאָרט זייַנענ פאַראַנ לייַטישע קינדער אויכ, וואָס זייַנענ גאָר ניט אויסנ קיינ שלעכטס, נאָר די אויסוווּרפנ וועט מענ אַרויסגעבנ ביז איינעמ. דער ראָוו האָט געבעטנ צוגעבנ, אַז די שטאָט אַליינ וויל פונ זיי פּאָטער ווערנ אונ האָט געוואָלט שיקנ קיינ ציגעליעוו בעטנ וועגנ דעמ. דער

עלטסטער האָט מיט א יעכידנע געלעכטערל געזאָגט, אז אין אסאך ערטער זײַנען פאראן זעלבסטשוצן, און זיי ארט עס ניט, פארקערט. נאָר פון דער היגער זעלבסטשוץ האָבן זיי עפּעס ניט קיין גוטע גרוסן. דער ראָוו האָט ווידער געבעטן איבערגעבן, אז איינ קרעציקע שאָפּ קאָן קאַליע מאכן די גאנצע טשערעדע, ביפראט אז דאָרט זײַנען דאָ אסאך קרעציקע שאָפּ, און געייצעט האָט דער ראָוו, מע זאָל אויסוואַרטן ביז באנאכט, וועט מען קענען רויִק גיין איבער די שטיבער און זיי צונויפנעמען. מע ווייסט יעדן איינעם, ווו ער וווינט. די שטאָט, האָט דער ראָוו ווידער געהייסן צוגעבן, וועט נאָך דאנקען דערפאר.

דערווײַל האָבן בענציעס מענטשן פארנומען אַלע הויפן ארום דער אופּראווע. בא יאשע דעם סטעלמאך אפן בוידעם, ווו עס איז געשטאנען דער קוילנוואַרפער, האָט מען אָנגעשטעלט די רער אנטקעגן דעם ארויסגאנג פון דער אופּראווע, און אז כעוורע פונונטן האָבן דערלאַנגט א זאַלפּ איבער דער אופּראווע, און די היידאמאקעס זײַנען צעטומלטע, ארויסגעלאָפן אינדרויסן, האָט מען אפ זיי געעפנט א פײַער פונעם קוילנוואַרפער, און ווו זיי האָבן זיך ניט געפּרוּווט פארבאָרגן און פון דאָרט אָפּענטפערן אפ דער שיסערײַ, האָט מען אַלץ געדרייט אנטקעגן זיי די רער פונעם קוילנוואַרפער, און די כעוורע אונטן האָבן געהאקט, ווי אין קרויט. פאר א פערטל שאָ האָט מען זיי צעשמעטערט, פון די פערד זיינען פארבליבן אינגאנצן פערצן, האָט מען זיי אָפּגעשיקט צו די פארטיזאנער אין פּראָניווויצער וואַלד.

אפן אַלטן הויכן טורעם, וואָס הינטערן שטאָט, איז פון דעם טאָג אָן געזעסן איינער פון דער זעלבסטשוץ און האָט ארויסגעקוקט דורכ א ביינאָקל, וואָס די פארטיזאנער פון וואַלד האָבן צוגעשיקט, ווײַל געריכט האָט מען זיך יעדע שאָ, אז די היידאמאקעס זאָלן קומען און זיך צערעכענען מיטן שטעטל.

די באַלעבאטים און זייערע זינדלעך האָבן זיך איצט צעגארטלט און געשריגן, אז בענציע און זײַנע לײַט האָבן געקוילעט די שטאָט. די באַלעבאטישע זינדלעך, וואָס זײַנען געווען די מערהײַט אין דער זעלבסטשוץ, האָבן אויסגעקליבן א נײַעם נאטשאַלניק און דערקלערט, אז אַלע דארפן זיך פונדאָסניי פארשרײַבן. אויסן זײַנען זיי געווען דערמיט פּאָטער צו ווערן פון בענציען און פון זײַנע כאווײרים. נאָר ווען זיי האָבן זיך צונויפגענומען בא

אַרן דעם צעלניקער אין שטוב, האָט בענציע מיט זײַנע מענטשן אַרומגע־רינגלט די שטוב, אָפּגענומען דאָס גאַנצע געווער און, זוכנדיק אין די קע־שענעס, האָבן זיי געפונען בײַ איינעם אַ צעטל פון די מענטשן, וואָס מע האָט אָנגעמערקט אַרויסצוגעבן, ווען די הײַדאַמאַקעס וועלן אַרײַן. ס'איז געוואָרן אַ געפילדער. איינער האָט אַ געשריי געטאָן:

— שלאָגט! דאָס זײַנען הײַדאַמאַקעס!

— ייִדישע הײַדאַמאַקעס!

סע האָט אויסגעבראָכן אַ מוירעדיקער געשלעג. און בענציעס מענטשן וואָלטן צעריסן די גווירישע פּעמפּיקעס, אַזויווי די הערינג, ווען בענציע וואָלט זיי ניט אָפּגעהאַלטן. בענציעס מענטשן האָבן פאַרנומען די רעדל־פירער, צווישן זיי אַרן דעם צעלניקערס באַסיעכידע־שולאַמיס, וואָס מיט איר האַנט איז געווען אָנגעשריבן דאָס צעטל. מע האָט זיי אָפּגעפירט אַלע אין פּראָניוויצער וואַלד. אין שטעטל איז מען גע־וואָרן אַף מעסער־שטעכ. אַרויסגיין באַנאַכט איינער אַליין אין גאַס איז מען ניט זיכער געווען מיטן לעבן. מע האָט גערעדט, אַז אַרן דער צעלניקער האָט צוגעזאָגט דעם הינט־שלעגער 25 רובל און 2 קוואָרט בראָמפן, אויב ער וועט אונטערשיסן בענציען.

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג נאָך טעג. און באַלמעלאָכישע יונגען האָבן געאַרבעט בײַ אָפענע פענצטער, קעדיי צו דערהערן דאָס באַקאַנטע קלעזמערשע פרײלעכס, וואָס האָט באַטײַט אַן אַליאַרם. איינמאָל, ס'איז געווען וואַרמעס־צײַט, מע האָט אָקאָרשט אוועקגעלייגט דאָס געצײַג און זיך געקליבן עפּעס איבערכאַפּן, האָט מען דערהערט, ווי פײַוול פאַרגייט זיך אַפן קלאַרנעט, אַזויווי אין די אַלטע צײַטן ערגעץ אַף אַ זאַטער כאַסענע. דער וואָס איז געזעסן אַפן טורעם, האָט באַוויזן איבערצוגעבן, אַז אַ גרויסער אָטריאַד רײַטער—הײַדאַמאַקעס און דײַטשן—לאָזט זיך אַראָפּ צום שטעטל. בענציעס כעוורע פון דער זעלבסטשוץ האָבן זיך געלאָזט דורכ די בערג צום וואַלד. מיט זיי זײַנען געלאָפן אַסאַך מענטשן פון די אָרעמע, קרומע געסלעך, ווײַבער, קינדער. באַלעגאָלעס האָבן געשפּאַנט די פורן און אַרופגעזעצט די, וואָס האָבן ניט געקאָנט לויפן. דאָס שטעטל איז געלאָפן צו די פאַרטיזאַנער אין פּראָניוויצער וואַלד, און בײַ אַרן דעם צעלניקער אין שטוב האָט מען זיך געקליבן באַגעגענען די רײַטער. דער ראָוו האָט געשריגן, אַז אַ סייפער־טוירע זאָל מען ברענגען לעמאַנאַשעם, און דער אַפּטייקער האָט

באוואָרנט ברויט מיט זאַלץ. און אַרנ דעם צעלניקער האָט אײַנגעטײַנעט מיט עטלעכע עלטערע קלעזמער, אַז מע דאַרף גײן באַגעגענען מיט מוזיק. און ווײַל גײן איבערן גאַס מיט מוזיק זײַ באַגעגענען האָט מען מוירע געהאַט, טאָמער וועלן זײ, די הײַדאַמאַקעס, זיך לאַנג ניט אופהאַלטן אין שטעטל, און דערנאָך וועט מען האָבן אויסצושטיין דערפאַר פון בענציען מיט זײַנע מענטשן,— איז געבליבן, מע זאָל וואַרטן באַם אַפּטײקער אין שטוב, וואָס הינטער דער שטאָט, און אַז די רײַטער וועלן צוקומען נאָענט, וועט מען אַרויס אַפן גאַנעק און זײ אָפּשפּילן אַ מאַרש און אונטערטראָגן ברויט מיט זאַלץ.

אַזוי האָט מען פון איין זײַט שטעטל אַרויסגעשיקט אַן אָרקעסטער, און פון דער אַנדערער זײַט איז מען געלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד.

איבער די וויסטע, ליידיקע גאַסן איז געלאָפן כײַע־סאָרע, בענציעס ווײַב, די האָר צעשויבערט, דאָס טיכל אַראָפּגעריסן, זי האָט געיאָמערט:

— וווּ זײַנען מײַנע קינדער? זעליק, מוישקע, קינדער מײַנע!

זי האָט געוווּסט, אַז זײ פּאַשען די ציג אַפּ דער לאָנקע, איז זי געלאָפן זײ נעמען אַהיים. זי איז שוין געווען בא די פעלדער, זיך אַראָפּגעלאָזט מיט דער סטעזשקע צום טײַך, האָבן די רײַטער זי באַמערקט, זי איז געלאָפן, די הענט אויסגעשפּרייט פונפאַרנט, אַזויווי אַ הון, ווען זי וויל באַשיצן אירע אויפעלעך.

— שטײ!— האָבן די רײַטער צו איר געשריגן, נאָר דער ווינט האָט פאַרטראָגן דאָס קאָל, און כײַע־סאָרע האָט ניט געהערט. האָט אײנער אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון אַקסל, אָנגעצילט און אַרויסגעלאָזט אַ קויל. כײַע־סאָרע איז אַנידערגעפאַלן, אַזויווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

די רײַטער זײַנען שוין געווען נאָענט פון דער שטאָט און האָבן אָנגעהויבן ווײַזן אײנער דעם אַנדערן אַפּ די יידן, וואָס שטײען אַפּ אַ גאַנעק. אַרן דער צעלניקער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. און די קלעזמער האָבן אופגעשפּילט אַ מאַרש. די רײַטער האָבן אַ ווײַלע אָפּגעהאַלטן די פערד, און אַרן דער צעלניקער האָט באַגריסט די ליבע געסט און האָט געזאָגט, אַז די באַלעבאַטים און אַלע לײַטישע מענטשן וואַרטן שוין אַפּ זײ מיט אומגעדולד, ווײַל פון די בונטאָווטשיקעס איז שוין ניט איבערצוטראָגן. דער ראָוו האָט זיך געשאָקלט און זיך געבוקט און געבעטן איבערגעבן, אַז ער בענטשט זײער קומען. און אַרן דער צעלניקער האָט

ווײַטער דערציילט, אַז די בונטאָווטשטשיקעס זײַנען אוועק צום וואַלד, זאָלן די רײַטער אײַלן, וועלן זיי זיי עפּשער אָניאָגן. די רײַטער זײַנען אוועק מיט אַ גאַלאָפּ אין שטעטל.

די זון האָט זיך שוין געגנומען אַראָפּלאָזן· כּײַע־סאָרעס ציג, אַ זאַטע, מיט אַן אופגעבלאָזענעם בויך, איז אונטערגעגאַנגען צו די קינדער, אַ מעקע געטאָן איין מאָל, אַ צווייט מאָל, ווי אײנער זאָגט: — קינדער, שוין צײַט עפּשער גיין, האַ? זעליק מיטן ברודערל האָבן זיך געלאָזט אַהיים. אויפן וועג, צווישן די הויכע גראָזן, אויף דער סטעזשקע, האָבן זיי דערזען עמעצער ליגט — און דערקענט די מאַמע. די קינדער זײַנען צוגעפאַלן מיט אַ געוויין צו דער טויטער מאַמען. דערנאָך האָט דאָס עלטערע ייִנגל גענומען דאָס ייִנגערע פאַר דער האַנט, און זיך געלאָזט צום שטעטל. דער ייִנגערער האָט זיך אַלעמאָל געריסן אויף צוריק און ביטער געיאָמערט:

— מאַמע!

נאָר זעליק האָט אים מיט קויכעס געשלעפּט ווײַטער.

די ציג איז נאָכגעגאַנגען, און דאָס שטריקל האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד. אין שטעטל האָט מען ניט געזען קיין לעבעדיקן מענטשן, די לאָדנס פאַרהאַקט, נאָר ווילדע קוילעס האָבן זיך געטראָגן אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט. און אָט זײַנען שוין די קינדער לעבן זייער שטיבל. די לאָדנס אָפן, די טיר אופגעפּראַלט. זעליק האָט געוואָלט אַרײַנגיין אין שטוב, נאָר פון הינטערן גאָרטן זײַנען אַרויס צוויי הײַדאַמאַקעס. דערזען אַ ציג, זײַנען זיי אונטערגעגאַנגען. אײנער האָט גענומען די ציג פאַרן שטריקל, דער צווייטער האָט אַ פרעג געטאָן זעליקן:

— וווּ איז עס דײַן טאַטע?

— כ'ווייס ניט.

— און וואָס איז בײַ אײַך אָפן טיר און פענצטער?

— כ'ווייס ניט.

פּלוצעם איז פון אײנעם אַ הויף אַנטקעגן אַרויס אַרן דער צעלניקער. די הײַדאַמאַקעס האָבן אים דערזען און אַ רוף געטאָן.

— איך בין אַ גאַלאַנטערײַ־קרעמער, — האָט אַרן גערעדט גיך־גיך, — די גרעסטע קלייט אין שטאָט. בײַ מיר האָט זיך אָפּגעשטעלט אײַערער אַ נאַטשאַלניק. אַ, איר פרעגט, ווער די ייִנגלעך זײַנען? דאָס זײַנען דאָך דעם

שמידס, און אָט דער, — האָט ער אָנגעוויזן אַף זעליקן, — פרעגט אים, וויפל מאָל איז ער געלאָפן אין וואַלד...

— זאָג, ווו איז דער טאַטע? — האָט אַ דונער געטאָן דעם הײַדאַמאַקס קאָל.

— איך ווייס ניט, — האָט זעליק קוים אַרויסגערעדט.

— און פון מײַן טעלעצע, זעליקל, ווייסטו עפשער אויך ניט?... — האָט אים אַרן איבערגעקרימט און זיך אויסגעקערעוועט צו די הײַדאַמאַקעס. — אַ טעלעצע בײַ מיר געווען, אַ צירונג... נאָר וואָס זאָג איך די טעלעצע, מײַן טאָכטער, מײַן איינציקע טאָכטער האָבן זיי דאָך פאַרנומען, די גאַנ־לאָנים, אין וואַלד אַרײַן!

איינער פון די הײַדאַמאַקעס האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קלענערע ייִנגל, זעליקס ברודערל, פאַר אַ פּיסל און אים אַ זעץ געטאָן מיטן קאָפּ אין שטיינערנעם פונדאַמענט פון שטוב... די ציג איז געוואָרן ווילד, גענומען שפּרינגען און זיך רײַסן פון די הענט, און אַרן האָט גערעדט גיך־גיך.

— אָט אַזוי, מע וואָלט זיי אויסגעראָטן קליינערהייט, וואָלטן ניט אויס־געוואַקסן קיין גרויסע באַנדיטן.

די געדאַנקען בײַ אים אין קאָפּ האָבן געיאָגט: „ווי טראָגט מען זיך אָפּ פון דאַנען אַ גאַנצער?.. עפשער גאָר פּרוּוון פאַרבעטן די הײַדאַמאַקעס צו זיך... יאָ, און דאָס עלטערע ייִנגל... אויב ער זאָל אַרויס פון זייערע הענט אַ לעבעדיקער, קאָן מען פון אים האָבן געברענטע ליידן“...

— האָסט געזען? — האָט דער הײַדאַמאַק מיט אַ געמאַכטער רויִקייט אַ פרעג געטאָן זעליקן, — זאָג, ווו איז דער טאַטע, אַניט וועלן מיר מיט דיר אויך אַזוי טון.

זעליק איז געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט, ניט געענטפערט.

דער הײַדאַמאַק האָט אים אַראָפּגעלאָזט דרײַ מאָל מיט דער נאַהײַקע איבערן פּאָנעם, אַזוי אַז ס'זײַנען אויפגעלאָפן בלויע קישקעס. זעליק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַרן פּאָנעם און זיך ביטער פאַרגאַנגען.

— דו זאָג בעסער! — האָט אַרן צעלניקער אים אָפּגענומען די הענט פון פּאָנעם, און זיך געווענדעט צו די הײַדאַמאַקעס: — לאָזט מיך!...

ער האָט אים גענומען דרייען און רײַסן בײַ די אויערן, ביז זיי זײַנען אויפגעלאָפן און געוואָרן רויט ווי די בוריקעס. נאָר זעליק האָט אַלץ ניט געענטפערט.

— ווי ער שטומט, דער מאמזערוק! — האָט ארנ געשפריצט מיט גיפט.

די הײַדאמאקעס האָבנ מיטגענומענ זעליקנ מיט דער ציג, דרײַ מאָל האָט מענ זעליקנ געפירט אפנ פארהער, געשלאָגנ, געמיימעסט אונ ניט געקאָנט פונ אימ ארויסקריגנ קיינ וואָרט. אפנ פערטנ טאָג האָט מענ זעליקנ מיט נאָכ אנדערע ארעסטירטע ארופגעוואָלגערט אפ וועגענער אונ אָפּגעשיקט קיינ ציגעליעוו אינ שטאָב. אינ איינעמ א דאָרפ האָט מענ אפנ וואָגנ לעבנ זעליקנ ארופגעוואָלגערט א פויערשנ יונג, ניט אפ קיינ סאכ עלטער פונ זעליקנ, א צעקלאפּטנ, געבונדנ די הענט אפ הינטנ. דער יונג האָט א קוק געטאָנ אפ זעליקנ אונ זעליק אפנ יונג, אונ באַלד האָבנ זיי זיכ דערפילט נאָענט. נאָר קיינ וואָרט האָבנ זיי ניט ארויסגעבראכט, ווײַל בא דער זײַט האָט נאָכגערײַטנ א הײַדאמאק. ווענ דער הײַדאמאק האָט זיכ אפ א ווײַלע אָפּגעקערט, האָט דער יונג א פרעג געטאָנ זעליקנ:

— פארוואָס האָט מענ דיכ גענומענ?

— מײַנ טאטע איז בא די פארטיזאנער, ווילנ זיי, איכ זאָל אויסזאָגנ, ווו עס האלטנ זיכ אופ די פארטיזאנער אינ וואלד.

מער האָבנ זיי ניט געקאָנט ריידנ, דער הײַדאמאק איז צוריק צוגעריטנ אפ זײַנ אָרט בא דער זײַט פונ וואָגנ.

שפּעטער האָט מענ זיי געבראכט אינ ציגעליעוו אונ זיי ביידנ ארײַנגעלאָזט אינ א קעלער. די ערשטע נאכט, ווענ מענטשנ האָבנ זיכ געדרייט אינ ווייטעקנ אונ געקרעכצט אינ שלאָפ, האָט זעליק דערפילט, ווי עמעצער האָט זיכ איבערגעבויגנ איבער אימ אונ רוימט אימ עפּעס ארײַנ אינ אויער.

— דאָס בינ איכ...

זעליק האָט דערקענט דעמ יונג. דער יונג האָט דערציילט זעליקנ, אז ער איז געגאנגענ פונ דאָרפ צו דאָרפ איבערגעבנ די פארטיזאנער, זיי זאָלנ קומענ קיינ ציגעליעוו אפנ יאריד, מע זאָל מיטנעמענ אפ די וועגענער וואָס סע האָט — הינער אונ קאטשקעס אונ קארטאָפל, אזויווי מע פאָרט געוויינלעכ אפ א יאריד. די פארטיזאנער פונעמ וואלד וועלנ קומענ פארשטעלט ווי פויערימ...

בא זעליקנ האָט דאָס הארצ אָנגעהויבנ קלאפּנ ווי א האמער. ער האָט זיכ צוגערוקט נעענטער. דער יונג האָט דערציילט ווײַטער, אז אינ שטאָט ליגט באהאלטנ אסאכ געווער, אונ אז אינמיטנ יאריד וועלנ די פארטיזאנער ארויסטרעטנ אונ פרווונ פארנעמענ די שטאָט.

— דו ביסט א קלײנער, — האָט דער יונג געטרײסט זעליקן, — דיך װעט מען ניט שיסן, װעסט נאָך ארויס פונדאנען! נאָר זײַ א מענטש, פארשיט זיך ניט מיט קײן װאָרט.

זעליק האָט אים אָנגעכאפּט פאר דער האנט.

— דו קענסט מיך ניט! אפילע זײ זאָלן שנײַדן פון מיר שטיקער...

דער יונג האָט דערנאָך אָפּגעריסן א שטיק פון זײַן העמד, אײַנגעטונקען אין װאסער און צוגעלײגט זעליקן צום אופגעלאָפענעם אויער.

דרײַ מאָל האָט מען דערנאָך געפירט זעליקן אין שטאב, אלץ געצװוּנגען אים, ער זאָל אויסזאָגן דאָס אָרט, װו עס האלטן זיך אוף די פארטיזאנער, און גאָרניט ניט געקענט זיך דערשלאָגן.

די באנדיטן האָבן ניט געגלײבט, אז זײ װעלן ניט קאָנען אײַנברעכן דעם װילן פון א דרײַצניאָריקן ייִנגל, און האָבן געטאָן זײערס, נאָר ארויסקריגן פון אים דאָס, װאָס זײ האָבן געדארפט, האָבן זײ פאָרט ניט געקאָנט.

אזוי זײַנען דורכגעגאנגען עטלעכע טעג, און ס׳איז געקומען דער טאָג פונעם יאריד.

דער טאָג איז געװען א בלאָטיקער, א כמארנער, דאָך זײַנען זיך צונויפגעפאָרן אסאך פויערים און אָנגעפירט אלדאָס גוטס. די הײַדאמאקעס האָבן גענישטערט צװישן די װעגענער און געשלעפּט, װאָס די אויגן האָבן געזען. די דײַטשן האָבן קלוימערשט געצאָלט: צוגענומען א קוישל מיט אײער און געגעבן א קװיטל, ארײַנגעלײגט אין רענצל א שטיק סאלע און געצאָלט מיט א קװיטל... געצװונגען די שטעטלדיקע סטאָליערס זײ זאָלן מאכן קעסטלעך, און דאָ גלײַך אפּן אָרט געפּאקט פעקלעך און אָפּגעשיקט אהײם און געצאָלט פאר אלץ מיט קװיטלעך. פויערים האָבן גענומען שפּאנען די פערד.

— ברידער, מע ראבעװעט אונדז! — האָט אײנער א געשרײ־געטאָן, — װאָס שװײַגט מען?!

די הײַדאמאקעס האָבן זיך א װאָרף געטאָן צו אָט דעם פויער, און דער פויער האָט געשריגן און געװײנט.

— די לעצטע צװײ אויפּעס האָב איך געבראכט, האָט מען זײ בא מיר אָפּגענומען. מיט װאָס װעל איך קומען אהײם? — און ער האָט צעכראסטעט די ברוסט: — נאט, שיסט, טוט װאָס איר װילט!

פּלוצעם איז געוואָרן א לויפעניש. אַלע האָבן זיך געשטופּט, געצויגן אהין צום שליאך, ווו א וואך פון צען מאַן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן האָבן געפירט עטלעכע פאַרפּײַניקטע מענטשן, וואָס האָבן קוים געשלעפּט די פיס. און צווישן זיי א דרײַצניאָריק יינגל. די דײַטשן פון שטאַב און די הײַדאַמאַקעס האָבן באַשלאָסן אַרויספירן זיי צעשיסן גראָד אינעם יאַריד־טאָג, קעדיי אָנשרעקן דעם גרויסן האָמוין מענטשן וואָס איז זיך צונויפגעפאָרן, און קעדיי די זאַך זאָל צעטראָגן ווערן ווײַט איבער אַסאַך דערפער אַרום. זעליק האָט מיט ברייט־צעעפנטע נאָזלעכער געשלונגען די לופט, און יעדער פּויער, וואָס ער האָט געזען, האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר א פּאַרטיזאַן. „פאַרוואָס הייבן זיי ניט אָן? זיי זײַנען דאָך אַזויפיל". ער האָט עמעצן געזוכט צווישן אוילעם. אָט־אָט, האָט זיך אים געדוכט, וועט מען זיך א וואָרפן טון אויף דער וואַך. „פאַרוואָס שווײַגט מען? פאַרוואָס לאָזט מען זיי פירן? עפּשער איז נאָך ניט אַלץ גרייט?"... די קאָנוואָירן האָבן געשריגן אויפן האָמוין, מע זאָל ניט צוגיין נאָענט, נאָר זעליק האָט געפילט, אַז ס'גייען נאָר אַסאַך מענטשן, זיי שפּאַרן זיך אַלץ נעענטער. „עפּשער וועט פּאַסירט באַלד עפּעס אויסבראַכן". אָט זײַנען זיי שוין הינטערן שטאָט. דאָ איז די בלאָטע א געלע, פון ליימיקער ערד. קאַם וואָס זעליק ציט אַרויס די פיס. מע פירט זיי אַרויס איבער די ליים־גריבער. איצט כאַפּט ער א קוק אַרום. אַסאַך מענטשן שטייען און קוקן. די קאָנוואָירן, וואָס האָבן זיי געפירט, גייען אָפּ אויף דער צווייטער זײַט, אַנטקעגן זיי, צילן אָן די ביקסן. ער קוקט מיט אָפענע אויגן. ער זוכט צווישן די מענטשן דעם טאַטן, נאָר מע זעט אים ניט. די אַרעס־טירטע האָבן זיך אַרומגענומען, זיך צעקושט. זעליק איז א ווײַלע געשטאַנען, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דעם פּויערישן יונג, און דער פּויער־שער יונג צו אים, און זיי האָבן זיך אויך אַרומגענומען, ווי די גרויסע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...פון דעם מאָמענט ביז דער צײַט, ווען ס'איז באַשטימט געוואָרן אַרויס־צוטרעטן, איז דורכגעגאַנגען באַ צוויי שאָ. נאָר בענציע דער שמיד האָט זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט, אַזאַ אומגעדולד האָט אין אים גע־ברענט, און אַז אין זײַן אָטריאַד איז שוין געוואָרן אַלץ צוגעגרייט, די מענטשן — אַלע אויפן אָרט, האָט אים א ציי געטאָן הינטערן שטאָט, אהין

ווהין מע האָט ניט לאַנג אָפּגעפירט א גרופּע כאוויירים און צווישן זיי זײַנען זעליקן. אין א טיפער, נאסער ליים־גרוב זײַנען געלעגן אָנגעוואל־גערט טויטע קערפּערס, און א פּאָר דינע, קינדערשע פּיסלעך, מיט פאר־בלאָוטע ווונדן האָבן ארויסגעסטארטשעט פון צווישן די הארוגים. זעליק איז געלעגן מיטן קאָפּ אראָפּ. בענציע איז געשטאַנען אזוי א לאַנגע ווײַלע און געפילט האָט ער, אז זײַן בלוט אין הארצן ווערט פארזאָטן. ארום זײַנען געשטאַנען אסאך פּויערים. בענציע האָט זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, ארײַנגעקוקט אין די פארצאָרנטע פּנימער און עס האָט זיך אים געוואָלט מיטאמאָל א געשריי טאָן:

— ברידער, אין אטאקע נאָך מיר!

נאָר ער האָט פארקריצט מיט די ציינער און איז אוועק צו דעם אָרט, ווו ער מיט זײַן אָטריאַד האָבן זיך געדארפט געפינען...

און פּאָרגעקומען איז אזוי: אפן גרויסן פּלאַץ לעבן ראַט־הויז האָבן פּלוצעם עטלעכע פּויערים זיך גענומען שלאָגן. קיינער האָט ניט געוווסט פארוואָס. באַלד האָבן זיך ארײַנגעפּלאָנטן נאָך און נאָך פּויערים, דער פּלאָנטער איז געוואקסן, עס האָט זיך געדוכט, אז איינער ווייסט ניט פון־נעם צווייטן. די דײַטשן זײַנען געשטאַנען פארגאַפט און האָבן האַנאָע געהאט. די הײַדאמאקעס האָבן זיך געשטיקט פאר געלעכטער. די פּויערים האָבן גענומען רײַסן פון די וועגענער קלאָניצעס, און פּלוצעם האָבן זיי זיך פון אלע זײַטן א וואָרף געטאָן אפ די דײַטשן און אפ די הײַדאמאקעס, און אין דער מינוט האָבן זיך באוויזן בא עטלעכע פּויערים אין די הענט אָברעזן, ביקסן; בענציע האָט אָנגעכאַפּט די ביקס פאר דער דינער זײַט, געדרייט איבערן קאָפּ און געשמעטערט מיטן פּריקלאַד אפ רעכטס און אפ לינקס. פון א נאָענטן הויף האָט מען געבראכט געווער.

בענציעס אָטריאַד האָט געדארפט פארנעמען דעם וואָקזאַל.

פון די פענצטער האָבן געזעצט קוילנווארפער. ארום איז געלעגן א קייט פון דײַטשן און האָט זיי פארוואָרפן מיט האַנט־גראַנאַטעס, נאָר די פּארטיזאַנער זײַנען געלאָפן אין פײַער, און בענציע איז געפלויגן דער ערשטער.

א גאַנצן טאָג און די נאַכט האָט מען זיך געשלאָגן, און אפ מאָרגן איז די שטאָט געווען בא די פּארטיזאַנער אין די הענט. די פּארטיזאַנער האָבן פארכאַפּט אסאך הארמאַטן, אסאך קוילנווארפערס און ביקסן און

האָבן שוין אופגעהאלטן די שטאָט, ביז די רויטארמייִשע טיילן זײַנען אונטערגעקומען...

זעליקס טאטע האָט זיך שוין מער ניט אומגעקערט אין שטעטל. ער איז פון די פּארטיזאנער אוועק אין דער רויטער ארמיי און איז שוין פאר־בליבן דאָרט ביז הײַנטיקן טאָג. ער איז איצט א קאָמאנדיר. און אז סע קומט א יאָנטעוו, פאָרט ער צו אין זײַן היימיש שטעטל, אין שול, וואָס הייסט אפ זײַן זעליקס נאָמען און וואָס זײַן טייל האלט איבער איר שעפ־טום. די קינדער בעטן אים שטענדיק, ער זאָל דערציילן וועגן זעליקן, און ער דערציילט. דער הויכער, ברייטפּלייציקער געוועזענער שמיד רעדט פּאַוואָליע, יעדעס וואָרט, פילט מען, לייגט זיך אים ווי א שטיין אפן הארצן. אפן וואנט אנטקעגן הענגט זעליקס בילד — א לענגלעכ מאטעווע פּאָנעם, געקרײַזלטע האָר, און גרויסע, שווארצע, גלייַענדיקע אויגן. די קינדער הערן זיך אײַן, שלינגען יעדעס וואָרט, קוקן זיך אײַן אין זעליקס בילד אפ דער וואנט, און אז בענציע ענדיקט, בלײַבן נאָך די קינדער זיצן א ווײַלע פארגאפטע, פארטראכטע אפ זייערע ערטער.

---

אין דער שטאָט ציגעליעוו, גלײַך ווי מע פאָרט ארײַן, איבער די ליימ־גריבער, שטייט א הויכער גראניט־שטיין — א דענקמאָל די העלדן פון עמ בירגערקריג. צווישן די נעמען, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אפן שטיין, איז פאראן אויך דער נאָמען פון זעליק קרוימאן.

# סיאָמקע דער פאראשוטיסט

אינ שטוב האָט מענ געווארט אפ א גאסט. די מאמע האָט געראָמט, גע־וואשנ אונ געשאָבנ, אזויווי אמאָל אינ שטעטל פאר א יאָנטעוו. דער קלײנער סיאָמקע האָט איר געהאָלפנ. ער האָט ארויסגעטראָגנ אינדרויסנ די עמערס מיט אומרײנער וואסער, צוגעקלאפט די בארשט צו א לאנגער טיטשקע, די מאמע זאָל קאָנענ ארומווישנ דעם שטויב אינדערהײך. סיאָמקע איז פרײ־לעכ. הײַנט קומט צו פאָרנ זײַנ עלטערער ברודער מישע. סיאָמקע האָט ליב מישענ. ער בענקט שוינ אזוי נאָכ אימ. אוכ, ווערט ער אימ ארומכאפּנ! מישע איז א העלד. אינ דער צײַט פונ בירגערקריג, נאָכ גאָר א יונגער יאט, איז ער אוועק צו די פארטיזאנער, זיכ געשלאָגנ קעגנ די באנדעס. פונ יע־נער צײַט דערצײלט מענ פונ אימ ווונדערלעכע מײַסעס. דאָ, אינ דער נײַער היימ, אינ סטעפּ, וווהינ זיי האָבנ איבערגעוואנדערט, האָט זיכ מישע גלײַכ גענומענ אָרגאניזירנ א קאָלווירט. ער איז אָקאָרשט געקומענ פונ דער רויִ־טער ארמײ, ניט אויסגעטאָנ דעמ שינעל אונ די בודיאָנאָווקע. צוויי יאָר איז ער געווענ פאָרזיצער פונ קאָלווירט, אונ ווענ דער קאָלווירט האָט זיכ גע־שטעלט אפ די פיס, איז ער אוועק לערנענ אינ דער לענינגראדער אוויִאָשול. מישע שרײַבט זיכ איבער מיט די יאטנ פונ דאָרפ. יעדער קריגט פונ אימ פונ צײַט צו צײַט א בריוו, אונ דעמלט נעמט מענ זיכ צונויפ אונ מע לייענט אינײנעמ. ער, סיאָמקע, האָט שוינ לאנג באשטימט, אז ער ווערט זײַנ א פילאָט. אמאָל טוט דעמ קלײנעמ סיאָמקענ א טראָג דער געדאנק אונ ער זעט שוינ, ווי ער פליט איבער די וואָלקנס הויכ־הויכ, אָדער ווי ער לאָזט זיכ אראָפּ קאָסע, אזויווי א פויגל. ווי נאָר מישע ווערט קומענ, ווערט ער אימ באווײַזנ דעמ פלאנער, וואָס ער האָט געמאכט. דער פלאנער שטייט אינ שאפע, אינ שול. אפנ אויספרווו האָט זיכ זײַנ פלאנער געהאלטנ אינדערלופטנ לענגער פונ אלעמענס.

איצט ראַמט צו די מאַמע מישעס ווינקל. דאָ ליגן זײַנע זאַכן: ביכער, העפטן, בלײַערס. מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט ווישט זי אַרום יעדער זאַך, לייגט צונויף, אַזוי ווי מישע פלעג ליב האָבן. אַנטקעגן, אויפן איבערשטן פּאָליצל פון דער עטאַזשערקע שטייט דאָס בילד, וואָס זי האָט אויסגעשניטן פון דער צײַטונג: זי איז אַראָפּגענומען מיט מורקען — דער ברוינער קו, דער רעקאָרדיסטקע, וואָס זי האָט אויסגעהאָדעוועט. אַ ווײַלע שפּיגלט זיך די מאַמע אינעם בילד. זי וואַרפט אַ בליק פון דער זײַט אויף סיאָמקען, זייערע אויגן באַגעגענען זיך. סיאָמקע דערמאָנט זיך: ווען ס׳איז אָנגעקומען די צײַטונג מיטן בילד, האָט זי אים געפרעגט, צי קיין לענינגראַד קומט אויך אָן די צײַטונג פון זייער ראַיאָן...

---

די זון העגנט שוין איבערן אָטשערעט. אַסאַך קליינע רירעוודיקע וואָלקנדלעך פאַרבן זיך אין אירע קאָלירן, לויפן פאַרבײַ און ווערן צעשוווּמען אינעם פאַרנאַכטיקן הימל. אַרום שטוב רודערט זיך. דער קומט, דער גייט אַוועק. סיאָמקע לויפט אַלע ווײַלע אינדרויסן אַ קוק טאָן, צי די פורן פאָרן שוין. אין שטוב איז פול — מערסטנס יונגוואַרג, מישעס כאַווײרים. דערווײַל זינגט מען לידער. אָט האָט מען פאַרצויגן אַ נײַע ליד, די ליד פון די העלדישע פּילאָטן. סיאָמקע לויפט צוריק אין שטוב. די מאַמע שטייט, אונטערגעשפּאַרט דעם קין און קוועלט. דאָס איז דאָך אַ ליד אַזויווי פון איר זון, איר מוישקע איז דאָך אַ פּילאָט!

אינדרויסן דערהערט זיך פּלוצעם אַ קלאַפּערײַ פון רעדער. אַלע שיטן אַרויס אויפן גאַנעק. אָט איז מישע. אויפן קאָלנער בלויע שלייפעלעך, אויף די שלייפעלעך — ווײַסע צעגומענע פליגל. ער טראָגט שוין צוויי קוביקעס. אָט האָט ער דערזען די מאַמע, ער כאַפּט זי אַרײַן אין זײַנע ברייטע אָרעמס. די מאַמע איז אַזאַ קלייניטשקע קעגן אים.

— סיאָמקע!

מישע טוט אים אַ הייב אינדערהייך, דריקט אים צו צו דער ברוסט. סיאָמקע ווערט שטאַרק אָפּהענטיק: מישע האָט אים אַ נעם געטאָן ווי אַ קליין קינד. ער איז שוין ניט אַזאַ קלייניטשקער!

שאַ, ער, סיאָמקע, האָט גאָרניט באַמערקט: די יאַטן פון אָרקעסטער זײַנען געבליבן אין צימער, ווען אַלע זײַנען אַרויסגעלאָפן אויפן גאַנעק. איצט,

אז מישע האָט איבערגעטראָטן די שוועל, האָבן זיי א קנאק געטאָן א פריי־לעכס. מישע לאכט פונעם אײַנפאל. אָפּגעשפּילט, אוועקגעלייגט די אינסטרו־מענטן, און זיך געלאָזט צו מישען. מישע שטייט צונויפגעפּרעסט אין אן ענגן קרײַז. אין שטוב זײַנען געקומען אויך עלטערע קאָלווירטניקעס. לייזער דער רויטער שפּארט זיך דורך, ער שטרעקט אויס מישען די האנט:

— איך האָב געמלט גאָר אזוי ווײַט ניט פארשטאנען,— ברומט לייזערס שטימ,— ווי דו ביסט געווען גערעכט. אָבער זאָלן זאָגן מענטשן, וויאזוי איך ארבעט. איך וויל, דו זאָלסט זײַן בא מיר אין שטוב. איך בעט דיך...

— און דאָס ווייסטו,— דערהערט זיך א קאָל,— די מאמע האָט געקראָגן א פּרעמיע. געדענקסט מוריקען, דאָס ברוינע קעלבל? זי איז איצט די בעסטע רעקאָרדיסטקע אין ראיאָן. די מאמע האָט זי אויסגעהאָדעוועט. ווו איז דאָס בילד?

מישע הערט שוין ניט די לעצטע ווערטער. ער האָט ווידער ארומגענו־מען די מוטער, קושט זי הארציק.

— ווו איז דאָס בילד? — הערט זיך ווידער א קאָל.

— איך וועל אים נאָך ווײַזן,— קנייטשט זיך די מאמע,— זאָל מען זיך זעצן צום טיש.

שא, דאָס איז גאָר א שיינער אײַנפאל: דאָס יונגווארג, ווײַזט זיך ארויס, האָט אויך צוגעגרייט גוטע זאכן. זע נאָר, זע, מע טראָגט פון דרויסן א טאצ נאָך א טאצ. יאָסעלע דער שווארצער וויל ניט הערן פון קיין זאך, ער קנאקט מיטן אָרקעסטער, נאָר צו יונגווארג האָט עס ניט. מע רעדט, מע שמועסט, מע לאכט.

— אונדזער ערשטער פאָרזיצער,— דערציילט א ווײַבל בא דער זײַט וועגן מישען. דאָס דערציילט זי די נײַע איבערוואנדערער,— אזא יאָר אפּ מירי וויאזוי ער האָט אונדז ארופגעפירט אפּ א ריכטיקן וועג.

— שטילער! — שרײַט מען צו יאָסלען, — הער אופּ א ווײַלע.

— מישע! — שרײַט מען פון אלע זײַטן.

— דערצייל פון די מאנעווערס.

— קינדערלעך, זאָל זײַן שפּעטער, — פּויעלט קוים די מאמע.

ס'קומען צו אלץ נײַע מענטשן. דער מאמעס הארץ קוועלט: דאָס גאנצע דאָרף פרייט זיך מיט איר גאסט.

איבערן דאָרף האָט זיך אויסגעשפּרייט א טונקעלע נאכט. א לײַכט ווינטל

פארהייבט די פאַרהענגלעך בא לייקענ אינ שטוב. שטיל. נאָר מישעס קאָל קלינגט הילכיק.

...ווילט איר, איך זאָל דערציילנ, וויאַזוי איך האָב געקראָגנ די אויס־צייכענונג אפ די מאַנעוורעס?

בא אַלעמענ אינ די אויגנ צינדנ זיך אָנ פלעמעלעך פונ אומגעדולד. סיאָמקע האָט זיך אינגאַנצנ אײַנגעגעסנ מיטנ בליק אינ מישענ.

— ס'איז געווענ הײַנטיקנ זומער אינ דער צײַט פונ די מאַנעוורעס. איך האָב געקראָגנ א באַפעל: דרינגענדיק צושטעלנ שלאַכט־מאַטעריאַלנ אפ דער פּאָזיציע. אוועקגעלאָזט די מאַשינ, האָט זיך פלוצעמ אינ דער מינוט, וואָס זי האָט זיך אָפּגעריסנ פונ דער ערד, דערהערט א שטאַרקער קלאַפּ. פונונטנ האָט מענ געגעבנ א סיגנאַל־צייכנ: אַנ אוואַריע. נאָר מיר האָבנ אַליינ גלײַך באַמערקט — דער טראָס האָט געפּלאַצט, די שאַסי האָט זיך אָפּ־געריסנ פונ איינ זײַט. אַזוי זיך אַראָפּלאָזנ, — הייסט צעשעדיקנ די מאַשינ אונ זיך. וואָס טוט מענ? נאָר פריִער פאַר אַלצ דאַרפ מענ אויספילנ דעמ באַפעל. איך צי אָפּ שטאַרקער דעמ רודער. די מאַשינ טוט זיך א הייב אינ־דערהייך. איך שטעל אָנ די ריכטונג דאָרעמ־מײַרעווודיק, צומ באַשטימטנ פונקט. אפנ וועג רעדנ מיר זיך איבער, איך מיטנ מעכאַניק, וואָס מיר וועלנ טונ. די מאַשינ פליט מיט דער פולער שנעלקײַט. אָט זײַנענ מיר שוינ איבערנ פונקט. הינטערנ דאָרפ — א ברייטער טאָל. דאָ דאַרפנ מיר אַראָפּלאָזנ דעמ מאַטעריאַל. מיר נעמענ די פאַראַשיוטנ, טשעפּענ צו דאָס געפּעק אונ לאָזנ עס אַראָפּ. איך צי אָפּ דאָס הענטל. די מאַשינ גייט אפ אַרופ. איך שפּיר נאָך נאָך דער הייך: טויזנט צוויי הונדערט מעטער, אָנדער־האַלבנ טויזנט. איך שליס אויס דעמ מאָטאָר. דער כאַווער מײַנער נעמט אַראָפּ פונ זיך דעמ רימענ. איך בינד צו צו מײַנעמ, דערלאַנג אימ דעמ צווייטנ עק. איך לאָז זיך אַראָפּ אפנ אונטערשטנ פליגל. ס'כאַפּט מיך אַרײַנ א לופט־ווירבל. איך הייב אונטער די אַראָפּגעלאָזטע זײַט פונעמ שאַסי, גלײַך אויס דעמ אַמאָרטיזאַטאָר. איך נעמ אַרויס דראָט...

סיאָמקע איז מיד פונעמ גאַנצנ טאָג, דער רויש פונעמ אָרקעסטער שטייט אימ אינ די אויערנ, ער שפּאַרט אָנ דעמ קאָפּ אָנ בענקל, נאָר ער הערט, אוואַדע הערט ער:

— אַראָפּלאָזנ זיך...

— דער כאַווער העלפט אימ...

די וויִעס זײַנען אַזוי שווער, אַז זיי לאָזן זיך אַראָפּ קעגן זײַן ווילן. אַן אַנגענעמענע מידקייט פאַרשווענקט אים... אַ ווארעמער אָטעם קיצלט אים אין אויער. דורך אַ צעעפנט אויג־שפּעלטעלע זעט ער: די מאַמע האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים:

— גיי שוין שלאָפן, זון מײַנער.

ניין, ער וועט ניט גיין, ער וויל זיצן מיט די דערוואַקסענע אַפילע ביז פאַרטאָג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...עס איז פאַרטאָג, נאָר אינדרויסן איז נאָך גוט פינצטער. מישע קלײַבט זיך שוין אין וועג. ער לייגט איבער די זאַכן אין טשעמאָדאַן. סיאָמקען פאַרדריסט: ער האָט אים נאָך ניט געוויזן דעם פּלאַנער, וואָס ער האָט געמאַכט, און ער האָט אים צו דערציילן אַזויפיל זאַכן. בײַ דער זײַט שטייט די מאַמע. אויף איר פּנים האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקן.

— אָקאָרשט געקומען, — קלאָגט זי זיך — און שוין צוריק.

— מאַמע, ווייסט דאָך, ווען איך זאָל קענען... איך מוז דרינגענד זײַן אין כאַרקאָוו...

— און דו, וואָס האָסטו אַראָפּגעלאָזט די ניאָניע? — ווענדעט זיך מישע צו סיאָמקען, טוט אים אַ גלעט איבערן קעפּל, — האָסט געוואָלט, דאַכט זיך, זײַן אַ פּילאָט, אַ?

— יאָ, — קוקט ער מישען גלײַך אין די אויגן.

— און איצט זיך דורכפליִען מיט מיר?..

סיאָמקע ווייסט ניט, צי ס׳איז אַ שפּאַס, צי ניין.

— נו, טו זיך אָן.

— מישע, וואָס רעדסטו, — האָט זיך אַרײַנגעמישט די מאַמע.

— ס׳מאַכט ניט אויס.

— וואָס איז דיר אײַנגעפאַלן, וועסט אים נאָך פאַרקילן דאָרט אין אַ וואָלקן.

— נישקאָשע, נישקאָשע, — שמייכלט מישע.

סיאָמקע ווייסט: די מאַמע וועט מישען ניט איבערשפּאַרן.

— און וויִאַזוי וועט ער קומען צוריק? — פרעגט די מאַמע.

— זאָרג זיך ניט, ער וועט קומען...

ער, סיאָמקע, וויל גאָר ניט טראַכטן פון דעם. ער איז גליקלעך; ווען

דאָ זאָל נאָך זײַן זײַן כאַווער זעליק, ער זאָל זען, אַז מישע נעמט אים מיט אַפּ אַן עמעסן אַעראָפּלאַן!

אין שטוב איז אַרײַן לייזער דער רויטער, מיט אַ בײַטש אין דער האַנט, דאָס איז ער געקומען זיי אָפּפירן אַפּ דער סטאַנציע.

— פּאָרסטו שוין טאַקע אַוועק, טצאַ, טצאַ! — טשמאָקעט לייזער. — און איך האָב געמיינט, דו וועסט זײַן בא מיר אין שטוב.

— נישקאָשע, כאַווער לייזער, מײַן אורלויב וועל איך פאַרברענגען דאָ.

— וואָס שטיי איך? — כאַפּט זיך פּלוצעם די מאַמע. — ער האָט מיר אַזוי פאַרשלאָגן דעם קאָפּ מיטן ייִנגל.

זי כאַפּט זיך גרייטן מישען אין וועג אַרײַן. נאָר דער טשעמאָדאַן זײַנער איז שוין פאַרפּאַקעוועט, שפּאַרט זי אים פּעקעלעך אין די קעשענעס.

— נאַ, מיישקע, אַ שטיקל קאַלט אָפּ, נאַ פרישן קעז. ווי איז מיר, אַפּילע קיין אייער ניט אָפּגעקאָכט. אָבער וויאַזוי וועסטו אָפּשיקן דאָס קינד?

דאָס וואָרט „קינד” קאָן סיאָמקע ניט פאַרלײַדן. ער איז שוין ניט קיין קינד.

— זײַ געזונט, מאַמע, — געזעגנט זיך מישע.

— שטיי, יאָדערן ווײַסע וועל איך דיר מיטגעבן, סיאָמקע, בא דיר זײַנען נאָך ליידיק די קעשענעס.

— ער פּאָרט אויך? — פרעגט לייזער.

סיאָמקען געפעלט, וואָס לייזער האָט געווענדעט אַפּ אים אויפמערקזאַמקײַט.

— ער וועט פליִען מיט מיר ביז כאַרקאָוו, — ענטפערט מישע.

סיאָמקע איז צופרידן: אַלע וועלן שוין מאָרגן וויסן, אַז ער, סיאָמקע, איז געפלויגן אַפּ אַן אַעראָפּלאַן.

זיי זיצן שוין אַפּ דער פור. אַ וואַרעמ ווינטל לויפט אָן פון ערגעץ און שטעלט זיך ניט אָפּ. ווידער רויִק. די אויסגערוטע פערד טוען מיט אימפּעט אַ צי דעם וואָגן. פון פעלד טראָגט מיט פײַכטע פרישקײַט. מישע האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ. ער הערט, וואָס סיאָמקע דערציילט. און ער, סיאָמקע, שלינגט די ווערטער: ער האָט דאָך אַזויפיל צו דערציילן. צוויי יאָר שוין, אַז ער האָט ניט געזען מישען. ער דערציילט אים פונעם פּלאַנער, וואָס ער האָט געמאַכט. זײַן פּלאַנער האָט זיך געהאַלטן אין דער לופטן לענגער פון אַלעמענס. און וויאַזוי ער, סיאָמקע, האָט געכאַפּט אַ שעדיקער

וועט ער אים דערציילן. דאָס איז געווען באַשריבן אין זייער שול־זשור־נאַל. אויב מישע וויל, קאָן ער אים געבן, ער האָט גראָד בײַ זיך אַן עק־זעמפּליאַר. דאָס האָט באַשריבן זעליק, זײַן כאַווער.

— כאַווער לייזער, — פרעגט פּלוצעם מישע, — דאָס איז ניט אונדזער צוג?

— האַ? טאַקע יאָ, — כאַפּט זיך לייזער. ער הייבט אָן שמײַסן די פערד. ניט ווײַט פון דער סטאַנציע שפּרינגען זיי אַראָפּ, ער און מישע, זיי גע־זעגענען זיך מיט לייזערן לויפנדיק.

— זײַט געזונט, כאַווער לייזער, זײַט געזונט!

בײַ סיאָמקען קלאַפּט אַזש דאָס האַרץ. ער וועט האָבן אַסאַך צו דער־ציילן די כאַווייִרים...

דער צוג לויפט שוין, סיאָמקע שטייט בײַם פענצטערל און קוקט, ווי עס כאַפּט זיך אויף דער טאָג. אין וואַלד שלאָגן זיך דורך בלייכע פּאַסמעס שײַן. אַ גרויסער פויגל קוקט זיך אַרום, אַזוי־ווי ער זאָל זיך באַטראַכטן: שוין צײַט אויפשטיין, צי נײַן. מיטאַמאָל טוט ער אַ פלי אָפּ אַ צווײַטן בוים — אויפגעוועקט אַ שאָכן. זיי יאָגן זיך איצט איינער נאָכן אַנדערן. אָט שפּרינ־גען אַרום אַ צווײַגל אַסאַך קליינע פייגעלעך, זיי טאַנצן פריילעך. אָט האָט ער דערזען אין וואַלד פּאַלאַטקעס, אַזויפיל פּאַלאַטקעס. דאָ איז אַ לאַגער. דער צוג האָט מיטאַמאָל פאַרלאַנגזאַמט זײַן גאַנג. סיאָמקע הערט דעם ברודערס קאָל:

— מיר גייען באַלד אַראָפּ.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער מיטן ברודער שפּרינגען אַראָפּ, זיי גייען אַריבער די רעלסן. רעכטס איבער די קוסטעס באַווײַזט זיך אַ פּלאַ־מיקער קײַלעך — די זון איז אויפגעגאַנגען. זיי גייען אין וואַלד. סיאָמקע זעט: ברייטע, גלײַכע גאַסן, באַשאָטן מיט קלאָר־ווײַסן זאַמד, פון ביידע זײַטן — פּלאַקאַטן, בילדער, לאָזונגען. דער לאַגער איז שוין וואַך. רויטאַר־מייִשע טיילן קומען אָן פון זײַטיקע גאַסן, גייען מיט געזאַנג, לעבעדיק, פריילעך. ס'אַרא שיינע לידער זיי זינגען!

און ער מיטן ברודער שפּאַנען אַלץ טיפער אין וואַלד. אָט זײַנען זיי געקומען צו אַ ברייטן גלײַכן פּלאַץ. אינמיטן, זעט סיאָמקע, שטייט אַן אַעראָ־פּלאַן. דער ברודער פירט אים צו צום אַעראָפּלאַן. לאָזט אים שטיין:

— איך וועל באַלד צוקומען.

סיאָמקע באַטראַכט דעמ אעראָפּלאַנ. ער שטייט אפ די רעדלעכ, אזױװױ אפ צװײ פּיס, אָנגעשפּארט אָנעמ עק, די פליגל צענומענ. ער װיל צוגײנ אָנטאפּנ מיט דער האַנט דעמ אעראָפּלאַנ, ער האָט נאָכ קײנמאָל ניט אָנגערירט קײנ עמעסנ אעראָפּלאַנ. ער װאָלט ארײַנגעקוקט אינ דער מאשינעריע, גײט אומ א װאַכ — א באַװאָפנטער רױטארמײער. שטײט סיאָמקע אפנ אָרט, װוּ דער בּרודער האָט אימ געלאָזט. ס׳איז שוינ אזױ לאַנג, אונ דער בּרודער איז נאָכ ניטאָ! אָט האָט זיכ געבּיטנ די װאַכ, סיאָמקענ דוכט זיכ, אַז דער רױטארמײער לאָזט ניט אראָפּ פונ אימ קײנ אױג. יעדעס מאָל, װענ ער גײט צוריק, דוכט זיכ אימ, סיאָמקענ, אַז אָט־אָט גײט ער צו אימ צו. אָט גײט שוינ דער בּרודער מיט נאָכ אײנעמ. יענער טראָגט א רעגנ־מאַנטל, דעמ קאַפּישאָנ אופגעשטעלט איבּערנ קאָפּ. זײ זעצנ זיכ ארײַנ אינ די קאַבּינעס. דער בּרודער נעמט סיאָמקענ ארײַנ צו זיכ. איצט װעט ער קוקנ, װאָס דער בּרודער טוט. דער בּרודער ציט אָפּ דעמ הײבּער, דער אעראָפּלאַנ טוט זיכ א יאָג אפ די רעדלעכ, דעמ עק אבּיסל פאַריטנ, ער לױפט האַסטיק, האַסטיק. בּא סיאָמענ צאַפּלט דאָס האַרצ פונ פרײד. אָט האָט זיכ די ערד ארױסגעגליטשט פונ אונטער זײ — די מאשינ פארנעמט זיכ אַלצ העכער אונ העכער. פונ גרױס פרײד פארכאַפּט סיאָמקענ דער אָטעמ. אונ בּאַלד טראַכט ער: ס׳גאָר ניט אזא קונצ צו פירנ אנ אעראָפּלאַנ. ער װאָלט אױכ געקאָנט, נאָר דער בּרודער זאָל שטײנ איבּער אימ. ער װיל עפּעס זאָגנ דעמ בּרודער, נאָר דער זשומ איז גרױס, מיסטאַמע האָבּנ די פּילאָטנ סימאָנימ, װי׳אזױ זיכ צו איבּעררײדנ. אָט האָט דער בּרודער צו אימ א װוּנק געטאָנ, װי אײנער זאָגט: הא, גוט? זײ זײַנענ שוינ גאָר הױכ. ער קוקט אראָפּ פונױבּנ — דער װאַלד זעט אױס װי א גרינע גלאַטע לאָנקע. די פּאַלאַטקעס — װי צעװאָרפענע קעסטלעכ שװעבּעלעכ. אָט איז די מאשינ ארײַנ אינ נעפּל — דאָס זײַנענ װאָלקנס. עס איז שוינ גוט ליכטיק. ער טוט א קוק אפנ מענטשנ, װאָס איז אינ דער צװײטער קאַבּינע — שװאַרצע װאָנצעס, אױגנ גרױסע, זײ שמײכלענ אזױ צו סיאָמקענ. דעמ מענטשנ קאָנ ער דאָכ, דאָס איז בּודיאָני. אָט צוליבּ װעמענ דער בּרודער האָט אזױ געײַלט! פליט ער, הײסט עס, אינאײנעמ מיט בּודיאָנינ. בּודיאָני שמײכלט — אפּאָנעמ פונ דעמ, װאָס ער, סיאָמקע, האָט זיכ אזױ פארקוקט אפ אימ. די ייִנגלעכ װעלנ אימ ניט גלײבּנ, אַז ער איז געפלױגנ צוזאַמענ מיט בּודיאָנינ. ער װאָלט א בּאַלנ געװענ פירנ דעמ אעראָפּלאַנ, אַלײנ פירנ,

מישע זאָל נאָר שטיין איבער אים, און זאָל בודיאָני זען, וויאַזוי ער, דער קליינער סיאָמקע... וואָס האָט עס א קלאַפּ געטאָן? — טראַכ! דעמ ברודערס הענט לויפן אום. די מאשינ האָט זיך א נויג געטאָן אפ א זייט. ער, סיאָמקע, פארשטייט שוין גאָרניט. דער ברודער פאָרקעט זיך, דרייט עפּעס, שרויפט. די מאשינ האָט זיך אויסגעגלייכט, און באלד — א קער אפ דער צווייטער זייט. דער ברודער גיט זיי א צייכן, זיי זאָלן שפּרינגען.

— שפּרינגט, כאוועער בודיאָני! — שרייט סיאָמקע, און דער ברודער פּאַכעט אומגעדולדיק מיט דער האנט.

— „פארוואָס שפּרינגט ער ניט, דער כאוועער בודיאָני? אוי, ער איז דאָך אָן א פאראשיוט — באמערקט סיאָמקע, — ווי קומט דאָס, בודיאָני זאָל פליִען אָן א פאראשיוט?“

— כאוועער בודיאָני, נאט אייך, — וויל סיאָמקע אראָפּרייסן פון זיך דעמ פאראשיוט, נאָר די מאשינ וואקלט זיך און ער קאָן ניט איינשטיין, און דער ברודער שרייט, קיינ קאָל הערט מען ניט, נאָר ער שרייט. מיטאמאָל האָט בודיאָני אים, סיאָמקען, א כאַפּ געטאָן און מיט אים א וואָרפ געטאָן זיך פון אעראָפּלאַנ. א ווײַלע פאלן זיי ווי שטיינער, און אָט האָט בודיאָני א צי געטאָן דעמ רינג בא סיאָמקען אפ דער ברוסט. ס׳האָט א שורשע געטאָן איבערן רוקן. באלד האָט אים א לייכטן ריס געטאָן אפ צוריק. זיי האלטן זיך שוין אפן אופגעבלאָזענעמ קופּאָל, איצט צעעפנט סיאָמקע די אויגן. אזוי ליכטיק ארום. אונטן זעט ער א שווארצן קײַלעכ מיט אסאך פּינטעלעך, וואָס באוועגן זיך. דאָס זײַנען מענטשן. בודיאָני כאַפּט זיך אָן מיט איינ האנט אָן א שנור פון פאראשוט, אימ, סיאָמקען, זאָל זײַן גרינגער. איצט פליִען זיי ביידע לייַכט, און ס׳איז אימ אזוי גוט. א ווינט בלאָזט אינ פּלייצע און באוועגט זיי אביסל פאָרויס. בודיאָני קוקט אימ ארײַן אינ פּאָנעמ:

— ביסט א מאָלאָדיעץ!

זיי זײַנען שוין נאָענט צו דער ערד. ער בייגט איין עטוואָס די קני, ער זאָל זיך קיינ קלאַפּ ניט טון, ווענ ער וועט אָנרירן די ערד. ער דערפילט א לייכטן שטויס און עפנט אופ די אויגן. ארום אימ שטייען: די מאמע, דער ברודער, נאָכ מענטשן — זיי שמייכלען. ער האָט זיך אראָפּגעגליטשט פון בענקל...

— מיט וועמען האָסטו דאָס גערעדט פונעם שלאָף? — פרעגט אים דער ברודער.

— ער איז מיד פונעם טאָג, — פאַרענטפערט אים די מאמע, — גיי שוין שלאָפן, סיאָמע.

נאָר סיאָמע וויל וויטער הערן, וואָס דער ברודער וועט דערציילן.

# איצט וועלן מיר זײַן כאווײרים

סיאָמקענ איז פרילינג געוואָרנ 9 יאָר, נאָר אז מע פרעגט אימ: „ווי אלט ביסטו?"— ענטפערט ער:

— דאָס צענטע שויב.

סיאָמקע איז קלײנ אינ וווקס, נאָר א געזונטער כעוורעמאנ מיט שטײַפע מוסקלדיקע אָרעמס. ער האָט שווארצע לעבעדיקע אויגנ, מיט א באַהאלטנ שטיפעריש פײַערל. זײַנע ברײט־צעוואקסענע ברעמענ זײַנענ זעלטנ רויִק.

ווענ די פיִאָנערנ האָבנ געשאפנ אנ אָטריאד אפ אָפּצוהיטנ די סאָציִאליסטישע גערעטעניש, האָט זיך דעמ ערשטנ אפדערנאכט צווישנ די גרעסערע ייִנגלעך ארײַנגעשטופּט אויך סיאָמקע.

— נעמט מיך אויך ארײַנ,— האָט ער זיך געווענדעט צומ נאטשאלניק פונ אָטריאד — מיטקע וואָראָנאָוו.

מיטקע האָט אימ אָפּגעמאָסטנ מיט די אויגנ:

— אונ אז מע וועט דארפנ שטײנ אלײנ ערגעצ אפ דער וואך?

— איך האָב ניט קײנ מוירע.

— אונ באנאכט?..

— אפילע באנאכט.

— וויפל יאָר ביסטו אלט?

— דאָס צענטע שויב.

— מירנ באטראכטנ... ביסט נאָך צו קלײנ...

סיאָמקענ האָט א שלאָג געטאָנ דאָס בלוט אינ פּאָנעמ. די ברײט־צעוואקסענע ברעמענ האָבנ א גײ געטאָנ אראָפּ אונ ארופ. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט אונ גענומענ אוועקגײנ.

„ווענ ער נעמט זיך מיט אימ ראנגלענ,— האָט סיאָמקע בא זיך געטראכט,— וואָלט ער אימ געוויזנ, ווער עס איז צו קלײנ"...

סיאָמקען האָט מען אַרײַנגענומען. נאָר דער נאַטשאַלניק פון אָטריאַד, מיטקע וואָראָנאָוו, האָט אַלץ געקוקט אף אים פונויבן אַראָפּ. קיין זעלבּ־שטענדיק שטיקל אַרבּעט פלעג מען אים ניט אָנטרויען, און ווען מע האָט געטיילט פּײַפלעך די כעוורע פון אָטריאַד, און ס'האָט ניט געקלעקט פאַר אַלעמען, האָט מען אים, סיאָמקען, פאַרטיילט. נאָר סיאָמקע איז ניט אָפּגע־טראָטן פון אָטריאַד, געגאַנגען מיט די יאַטן אף דער וואַך, געווען גליקלעך, אז עמעצער האָט אים געלאָזן א ווײַלע אַליין אפּן פּאָסטן.

איינמאָל האָט אים מיטקע באַגעגנט איינעם אַליין אפן פּאָסטן.

— ווער שטייט דאָ מיט דיר? — האָט ער א פרעג געטאָן שטרענג.

— ליאָניע, — האָט סיאָמע רויִק געענטפערט.

מיטקע האָט מער קיין וואָרט ניט געזאָגט. ער האָט אויסגעוואַרט ביז ליאָניע איז געקומען.

— וויאַזוי לאָזט מען עס איבּער דעם פּאָסטן ?!..

ליאָניע איז געשטאַנען אָפּהענטיק, און מיטקע האָט אים אויסגעזידלט.

סיאָמקען האָט עס פאַרדראָסן ביז ווייטעק. זיי האָבּן אים, סיאָמקען, אַרײַנגענומען, קומט אויס, נאָר פאַר יויצע וועגן. נישקאָשע, בּא א גע־לעגנהײַט וועט ער אים דערווײַזן, אז כאָטש ער איז ייִנגער אף צוויי־דרײַ יאָר, קען ער זיך ספּראַווען ניט ערגער פון די גרויסע. ס'איז גאָר־ניט, וואָס ער האָט ניט קיין פּײַפל, ער, אז ער שטעקט אַרײַן די פינגער אין מויל און לאָזט אַרויס א פּײַף, הערט מען ביזן עק דאָרף. דאָס האָט ער זיך אויסגעלערנט אַזוי פּײַפן, פאַנאַנדעריאָגנדיק זײַנע טײַבּעלעך.

אין קאָלווירט איז דעמלט געווען א שווערע צײַט: סאָנים האָבּן אָנגע־טאָן גרויסע שאָדנס. דער קאָלווירט האָט מיט אומגעדולד אַרויסגע־קוקט אף דער נײַער גערעטעניש. און פּלוצעם האָבּן זיך אף די פעלדער באַוויזן „פאַריקמאַכערס" — אַזוי האָט מען א נאָמען געגעבּן די שעדיקער וואָס האָבּן געשוירן די נאָך האַלבּ־גרינלעכע קעפּלעך פון די זאַנגען. פאַר־קלײַבּט זיך אַזא „פאַריקמאַכער" ערגעץ צווישן די הויכע זאַנגען, ציט זיך אויס אף דער ערד, מע זאָל אים ניט אַרויסזען, בּייגט אָן אַלע ווײַלע א בּינטל זאַנגען און שערט. אף די פעלדער האָבּן זיך באַוויזן פליכן — בּרייטע אויסגעשוירענע פּאַסן, און אָפט האָט מען אפן זעלבּן אָרט געפינען א בּערגל זאַנגען־קעפּלעך — דער סוינע האָט געוואָלט פאַרניכטן דאָס בּרויט.

בּא איינעם אַזא אויסגעשוירענעם פּאַס פעלד, צווישן גרינלעכע

אָנקעפּיקע שטענגעלעכ, האָבנ כעוורע פונ אָטריאַד זיכ געגעבנ דאָס וואָרט
קײנ אײנ „פאַריקמאַכער" ניט ארויסלאָזנ פונ די הענט. כעוורע האָבנ
אויסגעקוקט די פעלדער, אָפּגעזוכט באַהעלטענישנ, זײ האָבנ איצט גע־
וואַכט באַטאָג אונ באַנאַכט.

עס איז געווענ פאַרנאַכט. די זונ, א צעגליטע, האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט
אינ טאָל. פײַערדיקע וואָלקנס האָבנ זיכ געלאָשנ, זײערע שפּיצנ האָבנ
זיכ אָנגעהויבנ באַדעקנ מיט הויפנס גרויענ אַש, א גרופּע כעוורע איז
געקומענ אינ פעלד בײַטנ די וואַכ. סיאָמקע מיט זײַנע כאַווײרימ זײַנענ גע־
גאַנגענ אַהײמ. בא די אַרבעס־פעלדער האָט זיכ סיאָמקע אָפּגעטײלט אונ
איז אַוועק אַלײנ. לאַנגע שאָטנס האָבנ זיכ געיאָגט נאָכ די זונ־שטראַלנ.
עס איז שוינ טונקל געוואָרנ. סיאָמקע האָט גענומענ שפּאַנענ גיכער.
ער איז אַרופ אַפ א בערגל — אונ פּלוצעמ געבליבנ שטײנ. ער האָט באַ־
מערקט פרישע טריט אינעמ אַרבעס. „עמעצער רײַסט סטרוטשקעס" —
האָט אימ א שלאָג געטאָנ אינ קאָפּ. ער האָט זיכ געלאָזט נאָכ די טריט.
ער האָט געפילט, ווי דאָס האַרצ קלאַפּט אימ שטאַרקער. „ער קאָנ נאָכ
אָנטרעפנ אַפ א דערוואַקסענעמ, אונ דאָ אַפ די אַרבעס־פעלדער האַלט
מענ ניט קײנ וואַכ." נאָר ער שפּאַנט אינ פעלד אַלצ טיפער אונ טיפער,
צוויי פינגער אינ מויל — גרײט א פײַפ צו טונ. ער איז שוינ באַלד באַמ
שליאַכ, אונ קײנעמ זעט מענ ניט. ער בלײַבט שטײנ אינ פאַרלעגנהײַט.
דאָ איז זיכער געווענ א שעדיקער — דאָס פעלד איז אינ פיל ערטער צע־
ריטעט, צעטראָטנ. אונ קײנעמ איז גאָרניט אײַנגעפאַלנ, אַז מע דאַרפ
אָפּהיטנ דעמ אַרבעס, אַבי ער מאַכט זיכ פאַר א גאַנצנ נאַטשאַלניק, מיטקע
וואָראָנאָוו. נײנ, ער וועט בלײַבנ שטײנ — באַשליסט סיאָמקע, — עפּשער האָט
דער שעדיקער אָפּגעטראָגנ א טאָרבע סטרוטשקעס אונ וועט באַלד
צוריקקומענ! ווי ער שטײט אַזוי, הערט ער פּלוצעמ, ווי עס טראַכקענ
רעדער. ער איז אַרויס אַפנ שליאַכ. באַלד האָט זיכ באַוויזנ א פור, א
הויכער, רויטלעכער פאַרשוינ, מיט א ברײטנ שטרויענעמ קאַפּעליוש,
האָט געטריבנ האַסטיק דאָס פערד. הינטנ אַפנ וואָגנ, האָט סיאָמקע
באַמערקט, ליגט א גרויסער בונט אָנגעקאָסעטער גערשטנ. „אײגענעמ
גערשטנ — האָט סיאָמקענ א שלאָג געטאָנ אינ קאָפּ, — קאָסעט מענ ניט
גרינערהײט". אונ ער טוט א געשרײ:

— שטײ!

דער פאַרשוינ האָט אַ קוק געטאָנ אַפ אים מיט אַ כוויזעק־שמייכל, אַ פאָכע געטאָנ מיט דער בײַטש אינ זײַנ זײַט אונ געפאָרנ ווײַטער.

— פאַרקערעווע צוריק! — האָט סיאָמקע אַ געשריי געטאָנ ניט מיט זײַנ קאָל אונ אָנגעכאַפּט דאָס פערד פאַרנ צײַמל. דער פאַרשוינ שמײַסט דאָס פערד, טרײַבט גלײַך אַפ סיאָמקענ אונ סיאָמקע קערעוועט אינ אַ זײַט, שטעקט אַרײַנ צוויי פינגער אינ מויל אונ לאָזט אַרויס אַ שנײַדנדיקנ פײַפ. דער פאַרשוינ איז אַראָפגעשפרונגענ פונעמ וואָגנ, אַנידערגעוואַל־גערט סיאָמקענ. ער האָט אימ דערלאַנגט מיט דער בײַטש איבערנ קאָפ, איבער די פיס. סיאָמקע האָט ניט אַרויסגעלאָזט קיינ פיפס, נאָר ווי דער פאַרשוינ האָט אימ אָפגעלאָזט, האָט ער אַרײַנגעשטעקט די פינגער אינ מויל — אַ פײַפ נאָכ אַ פײַפ. פלוצעמ האָט זיכ דערהערט אַנ ענטפער. פונ איינ זײַט פעלד, פונ דער צווייטער... דער פאַרשוינ איז אַרופגעשפרונ־גענ אַפנ וואָגנ, געוואָלט אַנטלויפנ. סיאָמקע איז, אַ צעבלוטיקטער, אַרופ־געשפרונגענ נאָכ אימ אונ לאָזט ניט טרײַבנ דאָס פערד. דער פאַרשוינ וויל אימ אַראָפוואַרפנ, האָט זיכ סיאָמקע אָבער אײַנגעקלאַמערט מיט די פיס אינ די דראַבינעס אונ ניט פונ אָרט, אונ די סיגנאַלנ טראָגנ זיכ אַלצ נעענטער. דער פאַרשוינ האָט אַ קלאַפ געטאָנ דאָס פערד מיטנ בײַטש־שטעקל איבער די פיס, האָט סיאָמקע אָנגעכאַפט די לינקע לייצע אונ אַ צי געטאָנ אינ אַ זײַט. דאָס פערד האָט אַ קערעווע געטאָנ. די פעדערשטע רעדער זײַנענ אַראָפ פונ שליאַכ, אונ מיטאַמאָל האָט דער וואָגנ מיט אימפעט אַ פאַל געטאָנ אונטנ אינ ריוו, אונ די רעדער זײַנענ פאַרהרוזנעט געוואָרנ אינ ליימ. אונ דאָ זעט מענ שוינ יאַטלעכ, זיי זײַנענ שוינ גאָר נאָענט, פונ די פעלדער אַרומ יאָגנ זיי אָנ — אַ גאַנצע מאַכנע. דער פאַרשוינ איז אַראָפגעשפרונגענ פונ וואָגנ, צוגעלאָפנ צומ פערד, געוואָלט עס אויסשפאַנענ, נאָר ער האָט ניט באַוויזנ אַראָפרײַסנ די פאָסטראָמקעס, ווי די כעוורע זײַנענ אימ באַפאַלנ אונ באַקלעפט דעמ וואָגנ, ווי די בינענ. דער פאַרשוינ איז געשטאַנענ געפלעפט. איצט האָבנ זיכ כעוורע גענומענ אַרופציִענ דעמ וואָגנ צוריק אַפנ שליאַכ.

— פעטער, איר מעגט העלפנ, — האָט איינ יאַט אַ טאָרקע געטאָנ דעמ פאַרשוינ, וואָס איז געשטאַנענ ווי געליימט. כעוורע האָבנ אַרופגעצויגנ דעמ וואָגנ אונ אַנ ענגנ קרײַז זיכ געלאָזט מיט אימ אינ דאָרפ.

געקומענ אינ דאָרפראַט, האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, אַז דער פאַרשוינ איז

אן אנטלאָפענער באלעגוף, א באוווסטער שעדיקער, וועלכן מע האָט שוין לאנג געזוכט.

ווען די כעוורע זײַנען ארויס פון דאָרפראט, האָבן זיי ערשט באמערקט, אז סיאָמקע איז צעמאזיקט, קאם וואָס ער פלאָנטערט מיט די פיס.

כעוורע האָבן אים זאָרגעוודיק ארומגערינגלט:

— עס טוט דיר ווי?

— מירן דיך אָפפירן אהיים.

— פימקע, בעט א פור, מע וועט אונדז געבן.

כעוורע האָבן שוין געוואָלט לויפן צום פאָרזיצער.

— מע דארף ניט, — האָט זיי סיאָמקע קאם אָפגעהאלטן, — כ'האָב נאָך גענוג קויעך.

— דו שלעפסט דאָך א פוס...

— דאָס האָב איך א דריי געטאָן אין די דראבינעס.

סיאָמקעס מאמע איז געלאָפן א דערשראָקענע איבערן דאָרף:

— האָט איר ניט געזען מײַן סיאָמקען, ווי איז מיר!..

— מע האָט דאָך אים צעבלוטיקט, ווינד איז מיר!..

ארײַנגעלאָפן אין שטוב ניט טויט, ניט לעבעדיק, האָט זי געטראָפן אזא בילד: סיאָמקע, אן ארומגעוואשענער, זיצט אפן דער קאנאפע. אלע כעוורע ארום אים. ער האָט דערציילט פון סאמע אָנהייב, וויאזוי די געשיכטע איז פארלאָפן. דאָס פּאָנעם איז אין עטלעכע ערטער צעקלאפט, אונטערן רעכטן אויג — א גרויסער בלויער בײַל, נאָר די אויגן לויכטן, איבערגעפולט מיט גליק, און אפן מאטעווען פּאָנעם שפּילט א ראָזעווע פארב. די מאמע איז געשטאנען בא דער זײַט, זיך אײַנגעהערט, און די אויגן אירע זײַנען געווען פול מיט ליבע צו איר זון. אז סיאָמקע האָט געענדיקט, האָט אים מיטקע אויסגעשטרעקט די האנט:

— איצט וועלן מיר זײַן כאוויירים.

פון דעמלט אָן איז מיטקע וואָראָנאָוו געוואָרן מיט סיאָמקען די גרעסטע כאוויירים, און ער אליין, מיטקע, האָט אים באשטימט פארן נאטשאלניק פון ערשטן רינג.

---

# אינהאלט


1. די פּיאָנע שפּילט . . . . 3
2. פון אַטאַמאַן, מיר זײַנען געקומען . . . . 26
3. האס . . . . 32
4. דער קליינער פּאַרטיזאַן . . . . 37
5. א דענקמאָל . . . . 43
6. סיאָמקע דער פּאַראַשוטיסט . . . . 56
7. איצט וועלן מיר זײַן כאַווײרים . . . . 66

רעדאקטאָר — ב. סטעפאנסקי.
טעכנישער רעדאקטאָר — ג. פריצקער.
קאָרעקטאָר — ס. שעכטמאנ.

פאפיר 70×92 — 1/16 — 40 קג. 4 1/2 דרוק־בויגנ.
אינ 1 פאפיר־בויגנ 70000 צייכנס. טיראזש 1100 עקז.
פארלאג־נומער Є־93 9־טע פאָליגראפ. פאבריק גופ
אונ קפ. קיִעוו, רויטער פלאצ 2a. באשטעלונג
נומ. 981. באפולמ. פונ הויפטליט נומ. 4872.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 25/V—1938, אונטערגעשריבנ
צומ דרוק 15/X — 1938.

ЦІНА 90 КОП. ОПРАВА 40 КОП.